# אין באגינען

די ציוניסטיש-סוציאליסטישע באוועגונג ביז דער
גרינדונג פון וועלט-פערבאנד פועלי-ציון
(האג 1907)



איחוד עולמי פועלי ציון (צ.ס.) - התאחדות
אדר ב׳ תש״ח תל־אביב מערץ 1948

# אין באגינען

די ציוניסטיש-סאציאליסטישע באוועגונג ביז דער
גרינדונג פון וועלט-פערבאנד פועלי-ציון
(האג 1907)

---

ארויסגעגעבן דורך איחוד עולמי פועלי ציון צ.ס. - התאחדות
תש״ח 1948

# אינהאלט

## אין אַמעריקע (אין אַנהויב)



## רוסלאַנד



## ארץ ישראל



## עסטרייך



## אַמעריקע



## ענגלאַנד



---



---

# פאַרבאַמערקונג

די מאַטעריאַלן, וואָס ווערן געבראַכט אין דעם ביכל, זיינען אַ באַשיידענער פּרוּוו צו געבן אונזערע חברים ערשטע מקורות, וועגן דער אַנטשטייונג פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג — אירע געבורט־ווייען, אירע אינערלעכע זוכענישן און אירע ראַנגלענישן מיט די אידייאישע קעגנער; וועגן איר אידייאישער אַנטוויקלונג אין די ערשטע גרינדונגס־יאָרן, ביז דער קריסטאַליזירונג אין ראַמען פון אַ ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער וועלט־באַוועגונג, וואָס שטייט אויפן באָדן פון דער ארץ־ישראלדיקער לעזונג פון דער יידן־פראַגע — דער אַנטשטייונג פונם פועלי־ציון וועלט־פאַרבאַנד. אין קיין שום לאַנד זיינען די אינערלעכע ויכוחים נישט אויסגעמיטן געוואָרן, און זיי האָבן אפילו דאָ און דאָרט געבראַכט צו שפּאַלטונגען. די ויכוחים האָבן אָבער באַרייכערט דעם ציוניסטישן אַרבעטער־געדאַנק, זיי זיינען אין אַ געוויסער מאָס אָפּגעשלאָסן געוואָרן מיט דער ערשטער פועלי־ציון וועלט־קאָנפערענץ (האַג 1907).

מיר זיינען זיכער, אַז די חברים אין אַלע לענדער וועלן אויפנעמען מיט צופרידנקייט דידאָזיקע פאַרעפנטלעכונג. מיטן וווּקס פון אונזער באַוועגונג זיינען צוגעקומען צענדליקער טויזנטער נייע חברים, וועלכע זיינען גאָר ווייניק באַקאַנט מיט די ערשטע אָנהויבן פון דער באַוועגונג און אירע גייסטיקע אָנשטרענגונגען אין יענער תקופה. אין די אייראָפּעאישע לענדער זיינען פאַרשוווּנדען אַלע ביכער און מאַטעריאַלן וועגן דער געשיכטע פון אונזער באַוועגונג, נישטאָ כמעט קיין מעגלעכקייט צו באַקומען

די פאַרטיי־פּרעסע פון יענע יאָרן — בפרט נישט „דער יידישער אַרבעטער" (עסטרייך) און „דער יידישער קעמפּער" (פאַרייניקטע שטאַטן). מיר האַלטן אָבער, אַז אונזערע ניי־צוגעקומענע צענדליקער טויזנטער חברים, אונזער יוגנט, דאַרפן זיין באַקאַנט מיט דער גאָלדענער קייט, וואָס מיר האָבן געפלאָכטן אין משך פון צענדליקער יאָרן און דאַרפן וויסן וואָסאַראַ דערנער־וועג מיר האָבן געמוזט גיין, ביז מיר האָבן דערגרייכט אונזער אידייאישע קריסטאַליזירונג און קאָנסאָלידירונג.

אין דער זאַמלונג זיינען אויך אַריין די אָפּהאַנדלונגען פון ב. באָראָכאָוו און וו. לאַצקי־בערטאָלדי וועגן „בונד", ווייל אַט די קריטיק איז געווען אַ באַשטאַנד־טייל פון דעם נייעם אַרבעטער־ציוניסטישן טעאָרעטישן בנין.

אין די יאָרן זינט די אָפּהאַנדלונגען זיינען געשריבן געוואָרן, איז די יידישע שפּראַך באַדייטענד באַרייכערט געוואָרן און אַסך אויסדרוקן ווערן מער נישט באַנוצט. מיר האָבן אָבער געוואָלט פאַרבלייבן געטריי צו די אָריגינאַלן און דעריבער אויך נישט געענדערט דעם סטיל.

די באַמערקונגען, וואָס זיינען באַצייכנט מיט אַ שטערן — אָן קלאַמערן — האָט געשריבן דער זאַמלער פונם מאַטעריאַל (חבר י. רעזניטשענקאָ) ; די אַנדערע באַמערקונגען זיינען פון די מחברים גופא.

דאָס איז אַן ערשטער באַשיידענער פּרוּוו אויף דעם געביט. מיר האָפן, אַז עס וועט זיין אַ המשך — און וועגן אַלע טיילן פון אונזער באַוועגונג.

די ארויסגעבער

## ב. לאקער / צום יובל פון פועלי ציון

1.

אויפן ערשטן בליק איז דער אידייאישער אויפטו פונם פועלי־ציוניזם נישט קיין זייער אָריגינעלער. ער האָט גענומען צוויי אידייען, וואָס האָבן עקזיסטירט פאַר אים, דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק פון באַפרייאונג פון דער מענטשהייט פונם יאָך פון קאַפּי־טאַליסטישער עקספּלאָאַטאַציע און דעם ציוניסטישן פון דער נאַציאָ־נאַלער אויפלעבונג פונם יידישן פאָלק — צוויי אידייען, וואָס זיינען ביז צום פועלי־ציוניזם געשטאַנען אין אַ שאַרפן קעגנזייטיקן קאַמף — און געמאַכט שלום צווישן זיי. מען טענה'ט: נישטאָ אין דעם קיין אייגנס, קיין אָריגינאַליטעט, און דאָך איז די צונויפגיסונג פון די צוויי אידייען נישט קיין אויסגעטראַכטע, נאָר דאָס לעבן אַליין האָט זי געפאָדערט. און דאָך איז דער פועלי־ציוניזם נישט נאָר אַן אָריגי־נעלער געדאַנק, נאָר — און דאָס איז וויכטיקער — אַ היסטאָרישער טאַט. כדי דאָס קלאָר צו מאַכן איז נויטיק צו געבן אַ קורצן איבער־בליק אויף אַ האַלבן יאָרהונדערט אַנטוויקלונג פונם אַלגעמיינעם און יידישן לעבן אין מזרח־אייראָפּע.

2.

די צווייטע העלפט פונם ניינצנטן יאָרהונדערט פירט אַריין דעם מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם אין די לענדער פונם יידישן מאַסן־ישוב. דער פעאָדאַליזם ווערט צוטרייסלט, עס ווערט אָפּגעשאַפט

דאָס לייב־אייגנטום, עס ווערט רעוואָלוציאָניזירט די קאָמוניקאַציע דורך דער איינפירונג פון דער אייזן־באַן, וואָס מאַכט מעגלעך דאָס שנעלע אַריבערוואַרפן פון מענטשן און סחורות אין ווייטע געגנטן. דעם אָרט פון די ענגע ווירטשאַפט־געביטן, וואָס האָבן אַרומגענומען דעם קליינעם שטח פון איינער אָדער עטלעכע שטעט מיט זייער נאָענטסטער סביבה, פאַרנעמט איצט דער גרויסער שטח פון דער גאַנצער מלוכה, — יאָ, פון גאַנץ אייראָפּע, און ווייט איבער אייראָפּע. עס בייט זיך דער אופן פון פּראָדוקציע. דער אָרט פון דער פּרימיטיווער האַנט־אַרבעט פאַרנעמט אַלץ מער און מער די מאַשין, דעם אָרט פון דער אַרבעט, בעיקר פאַרן אייגענעם פאַרברויך פונם פּראָדוצענט, פאַרנעמט די פּראָדוקציע פון סחורות פאַרן מאַרק. עס אַנטשטייט די מאָדערנע אינדוסטריע וואָס ציט אַריין פון איין זייט די קאַפּיטאַלן פון די אַמאָליקע פעאָדאַלן, אָנגעזאַמלט אין יאָר־הונדערטער פון פּויערים־עקספּלאָאַטאַציע, און פון דער צווייטער — די „פרייע״ אַרבעט פון די גרויסע מאַסן פּויערים, וואָס זיינען באַפרייט פון פאַנשטשיזנע, אָבער אויך פון ערד, און שטראָמען אין די שטעט, זוכנדיק צו פאַרקויפן זייער אַרבעט־קראַפט אין דער יונגער אינדוסטריע. אַזוי וואַקסן אַרויס נעבן פּריצים און פּויערים די צווייטע קלאַסן פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט: בורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט. עס וואַקסט אַרויס אַן אינטעליגענץ, וואָס פאַר־נעמט די פונקציעס פון דער אויסגעוואַקסענער, גרעסערער און קליינער ביוראָקראַטיע. גרויסע טיילן פון דער אַרויסגעשטויסענער פּויערישער באַפעלקערונג זוכן באַשעפטיקונג אין דער מלאכה און אין קליינעם האַנדל.

ווי־אַזוי שפּיגלט זיך אָפּ די דאָזיקע אַנטוויקלונג אויף דער יידישער גאַס? יאָר־הונדערטער לאַנג האָט דאָס יידישע פאָלק פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ כמעט איינהייטלעכע מאַסע, אין וועלכער עס זיינען אפילו געווען סאָציאַלע חילוקים פון אָרים און רייך, המון און יחוס, עם־הארצים און למדנים, וועלכע איז אָבער דאָך בפרט אין אירע באַציאונגען צו דער סביבה, געווען אַן איינהייט. אין

דער פעאָדאַלער און פאָר־קאַפּיטאַליסטישער עפּאָכע זיינען די יידן געווען די טרעגער פון דער געלט־ווירטשאַפט, ד. ה. זיי האָבן אויסגעפילט יענעם קליינעם שטח פון אויסטויש און קרעדיט־פונקציעס, אין וועלכן אויך די דאַמאָלסדיקע ווירטשאַפט האָט זיך גענויטיקט. זיי זיינען געווען די פאַכטער פון פריצישע גיטער. זיי האָבן אויפגעקויפט די תבואה פון די פריצישע שפייכלערס און געבראַכט זי אין די שטעט און אויך אויפן אויסלענדישן מאַרק; זיי האָבן פון דער צווייטער זייט, געבראַכט זייד, איידל־שטיינער און אַנדערע לוקסוס־זאַכן פון אַנדערע מדינות פאַר די באַדערפנישן פון די פריצישע הויפן. זיי האָבן אָפּגעקויפט ביים פויער דאָס ביסל תבואה, וואָס ער האָט אָפּגעשפאָרט פון זיין אָרימער ווירטשאַפט, און פאַרקויפט אים אַרבעטס־מכשירים און אַנדערע שטאָטישע פּראָדוקטן, וואָס ער האָט אַליין נישט געקענט אויסאַרבעטן. האַנדל, פאַרמיטלעריי, שענקעריי — דאָס זיינען געווען די עיקר־פרנסות ביי יידן, וועלכע האָבן געלעבט, לויט מאַרקס אַ וואָרט, אין די שפּאַרונעס פון דער אַרומיקער ווירטשאַפט.

מיטן אַריינדרינגען פון קאַפּיטאַליזם אין די געביטן פונם יידישן מאַסן־ישוב הויבן זיך אָן צוויי פּאַראַלעלע פּראָצעסן פון דער גרעסטער וויכטיקייט פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פונם יידישן לעבן. פון איין זייט קומט פאָר אין דער יידישער גאַס אַ פּראָצעס פון אַן אויסגעשפּראָכענער סאָציאַלער דיפערענצירונג, פון דער צווייטער זייט גייט אָן אַן אַלץ שאַרפער ווערנדיקער קאָנקור־רענץ־קאַמף מיט די פאַרשידענע נייע שיכטן פון דער נישט־יידישער געזעלשאַפט אַנטקעגן די אַנטשפּרעכנדע שיכטן פונם יידישן פאָלק.

דער קאַפּיטאַליזם עפנט קודם כל אַ ברייט פעלד פאַר דער אויסשפּרייטונג פונם יידישן האַנדל. דער וווּקס פונם האַנדל רופט אַרויס די אַנטשטייאונג פון אַ גרויסן יידישן האַנדלס־פּראָלעטאַריאַט — פּריקאַזטשיקעס (האַנדלס אָנגעשטעלטע), בוכהאַלטערס און אַנדערע אָנגעשטעלטע. דער אָנגעזאַמלטער אין די פריערדיקע יאָרן יידישער באַוועגלעכער קאַפּיטאַל דרינגט אָבער אויך אַריין אין פאַרקערס־

ווען און אינדוסטריע. עס ווערט געבוירן די מאָדערנע יידישע בורזשואַזיע.

גלייכצייטיק הויבט זיך אָן ביי דער ברייטער יידישער מאַסע אַ פּראָצעס פון עקאָנאָמישער איבערשיכטונג. די הענדלערישע און פאַרמיטלערישע פּרנסה־צווייגן ווערן אַלץ ענגער פאַר די יידישע מאַסן. אַ טייל פון דער פויערישער מאַסע, וואָס שטראָמט אין די שטעט און שטעטלעך, הויבט זיך אָן אַריינצוגיסן אויך אין קליינעם האַנדל, וועלכער איז ביז איצט געווען אַ יידישער מאָנאָפּאָל. „די קריסטן זיינען געוואָרן יידן" — אַזוי באַצייכנט מאַרקס דעם פאַקט פונם איבערנעמען די יידישע געלט־פונקציעס דורך די נישט־יידן מיטן אָנהויב פונם קאַפּיטאַליזם. און פאַר דער יידישער מאַסע שטייט די היסטאָרישע נויטווענדיקייט צו ווערן אין עקאָנאָמישן זין „קריס־טן", ד. ה. אָפּצוזאָגן זיך פון דער עקאָנאָמישער איינזייטיקייט און איבערצוגיין צו פּראָדוקטיווער אַרבעט.

וואָלט דערדאָזיקער פּראָצעס זיך אַנטוויקלט נאָרמאַל, ד. ה. וואָלטן יידן אַריינגעדרונגען גלייכמעסיק אין אַלע צווייגן פון אַרבעט. אין לאַנדווירטשאַפט, אינדוסטריע, קאָמוניקאַציע, א. אַז. וו., וואָלט אפשר די יידישע פראַגע, אַלנפאַלס אין עקאָנאָמישן זין, דערמיט פאַרענטפערט געוואָרן. אָבער אַ גאַנצע שורה סיבות האָט גורם געווען דערצו, אַז דאָס זאָל נישט אַזוי געשען.

קודם־כל: עס איז פאַרשטענדלעך, אַז בעת יידן האָבן אין גרויסע מאַסן געמוזט איבערגיין צו אַרבעט, האָבן זיי זיך דאָס ערשטע געוואָרפן אויף יענע צווייגן פון אַרבעט, וואָס זיינען אויך פריער — הגם אין אַ באַגרעניצטער מאָס — געווען פאַרטראָטן אין דער יידישער גאַס. אויך פריער האָט געמוזט זיין אַ יידישער בעקער, אַ יידישער קצב, אַ יידישער שניידער (צוליב דער באַזונדערער יידישער קליידונג און שעטנז). דער גאָלדשמיד, מעש־גיסער, טישלער א. א. האָבן געפונען זייערע קונים צווישן יידן. און אַזוי איז דער ערשטער מאַסנהאַפטער איבערגאַנג צו אַרבעט אויף אַ נאַטירלעכן אופן פאָרגעקומען אויף דעמדאָזיקן ענגן שטח פון שוין ביז דאַ־

מאָלסטדיקע „יידישע מלאכות“. בפרט, אַז פאַר אַ הענדלער איז אויך לייכטער צו ווערן, למשל, אַ שניידער ווי אַן אינדוסטריע־אַרבעטער. אַזוי האָט זיך די ירושה פון די פריערדיקע עפּאָכן אַריבערגעטראָגן אויך אינם פּראָצעס פון פּראָדוקטיוויזירונג אין דער קאַפּיטאַליסטישער עפּאָכע גופא. עס איז אַנטשטאַנען אַ יידיש האַנדווערקערטום און אַ יידישער האַנדווערקערישער פּראָלעטאַריאַט אין די באַקאַנטע יידישע פאַכן, וואָס דינען דעם דירעקטן געברויך, קודם־כל באַקליי־דונג און דערנערונג.

פון דער גרויסער אינדוסטריע אָבער, פון קוילן־גרובן און נאַפט־אינדוסטריע, פון אייזנבאַן און שיפּס־פאַרקער, פּונקט ווי פון דער לאַנדווירטשאַפט, איז די יידישע אַרבעט כמעט אינגאַנצן געבליבן אויסגעשלאָסן. אַ חוץ דעם דערמאָנטן טעם, וואָס דערקלערט פּסי־כאָלאָגיש דעם אָנהויב פונם פּראָצעס, זיינען דאָ אַ גאַנצע שורה אַנדערע.

קודם כל דאָס, וואָס דער יידישער שטאָט־עלעמענט איז פיזיש שוואַכער און ווייניקער צוגעפּאַסט צו שווערער אַרבעט, ווי די פריערים־מאַסע, וואָס קומט אין דער פאַבריק גלייך פונם דאָרף. די העכערע באַדערפנישן (אין דער ערשטער צייט) פונם יידישן אַרבעטער; זיין שטאַרקע נטיה צו אָרגאַניזאַציע, סטרייקן און זיין „דעמאָראַליזירנדע“ ווירקונג אויף די אַרבעטס־חברים; ביי אַ טייל דאָס נישט וועלן אַרבעטן שבת — דאָס אַלץ מאַכט די אַרבעטס־קראַפט פונם יידישן פּראָלעטאַריער ווייניקער ראוי צו קאַפּיטאַליס־טישער עקספּלאָאַטאַציע אין די אויגן פון דער בורזשואַזיע, אויך דער יידישער.

ס'איז אָבער דאָ נאָך אַ סיבה, די טיפסטע פאַר דער דאָזיקער מאָדערנער, פאַרן יידישן אַרבעטער־קלאַס באמת טראַגישער דער־שיינונג.

מיט דער יידישער בורזשואַזיע איז אויך געבוירן געוואָרן איר פּאָליטישע אידייע — די אַסימילאַציע.

די יונגע יידישע בורזשואַזיע שטויסט זיך אָן שוין ביי אירע

ערשטע שריט אויף דער קאָנקורענץ פון דער נישט־יידישער, וואָס שטרעבט צו אַ מאָנאָפּאָל אויף אַלע מעגלעכקייטן פון קאַפּיטאַליס־טישע פּראָפיטן אין „איר“ לאַנד. אין דעמדאָזיקן קאָנקורענץ־קאַמף באַנוצט זיך די נישט־יידישע בורזשואַזיע מיט אַלע מיטלן, וואָס קענען געווינען פאַר איר די ברייטע קונים־מאַסע, וואָס איז דאָך אַ נישט־יידישע. זי שטרייכט אונטער דעריבער שטענדיק איר נאַציאָ־נאַלן — רוסישן, פּוילישן א. א. וו. — כאַראַקטער, און וואַרפט דעם לאָזונג: „קויפט נישט ביי יידן, סוואָי דאָ סוויעגאָ!“. אַנדערש איז די יידישע בורזשואַזיע. זי איז פאַראינטערעסירט, אַז די נישט־יידישע קונימשאַפט זאָל וואָס ווייניקער דערזען איר יידישן פּרצוף, און זי באַמיט זיך מיט אַלע מיטלען אים צו באַהאַלטן. דעריבער איז די נישט־יידישע בורזשואַזיע נאַציאָנאַליסטיש, די יידישע — „קאָסמאָ־פּאָליטיש“, אַסימילאַטאָריש.

און דאָ ליגט, לויט מיין מיינונג, אויך די טיפסטע סיבה פונם פאַקטישן באָיקאָט פון דער יידישער אַרבעט, וואָס מיר באַגעגענען דורך די אַלע יאָרן נישט נאָר אין די נישט־יידישע, נאָר אויך אין די „יידישע“ פאַבריקן, אַ באָיקאָט, וואָס שליסט אויס דעם יידישן אַרבעטער אַלץ מער, וואָס גרעסער עס איז די אונטערנעמונג און וואָס העכער עס איז די טעכניק פון אירע פּראָדוקציע־מיטלען.

און דידאָזיקע דערשיינונג, וואָס דער פּראָדוקטיוויזירונגס־און פּראָלעטאַריזירונגס־פּראָצעס האָט זיך אָנגעשטויסן אין אַזעלכע שווערע מניעות, וואָס האָבן אים אין אַ הויכער מאָס איינגעענגט און אפילו לגמרי געשטערט, האָט געבראַכט צו דער גרויסער יידישער עמיגראַציע, וואָס איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי דער איבערגאַנג צו אַרבעט דורך אַריבערטראָגן זיך אין אַנדערע לענדער.

3.

מיט דידאָזיקע אַלע פּראָצעסן, אין וועמענס רעזולטאַטן מיר האָבן פאַר זיך די היינטיקע יידישע גאַס מיט איר עקאָנאָמישן פּרצוף און קלאַסן־דיפערענצירונג, האָבן זיך אָנגעהויבן אויסקריס־

טאַליזירן די ערשטע קערנדלעך פון די פאַרשידענע אידעאָלאָגיעס, וואָס זיינען ערשט שפּעטער אויסגעוואַקסן צו פּאָליטישע ריכטונגען.

די בורזשואַזיע — ווי געזאָגט — האָט אויסגעדריקט די אידעאָלאָגיע פון אַסימילאַציע. אין דער ברייטער קליינבירגערלעכער מאַסע, וואָס איז געטריבן געוואָרן צום איבערגאַנג צו אַרבעט און האָט געטראָפן דעם וועג צו איר פול מיט די שווערסטע מניעות, און וואָס האָט אַמשאַרפסטן דערפילט די בייטש פון אַנטיסעמיטיזם, רדיפות און פּאָגראָמען, איז די אַלטע, טויזנט־יעריקע בענקשאַפט ווידער געוואָרן לעבעדיק אין דער אידייע פון חבת־ציון. דער יונגער פּראָלעטאַריאַט האָט געמאַכט די ערשטע אַרויסטרעטונגען אין שטרייקן און לוין־באַוועגונגען. די אינטעליגענץ האָט די אַלע אידייען געגעבן זייערע וואָרט־פירער. מיר זעען זי אַלס די פאָרקעמפערין פון דער אַסימילאַציע; מיר זעען זי אין די שורות פון דער השכלה, ווי זי פּרעדיקט אַ מין קאָמפּראָמיס צווישן אַסימילאַציע און נאַציאָנאַליזם: היה אדם בצאתך ויהודי באהליך. זי איז די עיקר־טרעגערין פונם ביל״ו־געדאַנק: בית יעקב לכו ונלכה — לאָמיר אַנטלויפן. אָבער דאָס איז נישט נאָר אַן אַנטלויפן פון מזרח־אייראָפּע אין ארץ־ישראל, נאָר אויך אַן אַנטלויפן פון די יידישע לופט־פּרנסות צו ערד־אַרבעט. אַ טייל פון דער אינטעליגענץ נעמט שוין אויף אויך דעם סאָציאַליזם. אָבער דאָס איז ביי איר פאַרבונדן מיטן אַנטלויפן פון דער יידישער גאַס, אין וועלכער זי זעט נישט קיין כוח, וואָס זאָל זיין ביכולת צו קעמפן פאַר אַ בעסער לעבן. זי זעט אין דער יידישער גאַס אַ טשערעדע, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין פעסטן עקאָנאָמישן באָדן אונטער די פיס.

אַזוי זיינען געבוירן געוואָרן די צוויי גרויסע אידייען, וואָס באַהערשן זייט 30 יאָר דאָס פּאָליטישע דענקען פון דער יידישער גאַס: דער ציוניזם און דער סאָציאַליזם.ביידע מיט וואָרצלען אין עבר, אין די משיח־באַוועגונגען און אין די סאָציאַלע אידייען פון די נביאים ביז חסידיזם און השכלה, ביידע אין זייער געשטאַלט קינדער פון קאַפּיטאַליזם אויף דער אַלגעמיינער און יידישער גאַס.

אָבער יעדע דערוווייל דער איינזייטיקער אויסדרוק פון צוויי פאַר־שידענע זייטן פון דערזעלבער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג. דער ציוניזם — דער אויסדרוק פונם קאָנפליקט צווישן דער פאַרשאַרפטער באַדערפניש איבערצואַנדערשן די עקאָנאָמישע יסודות פונם יידישן לעבן און דער אומעגלעכקייט דאָס דורכצופירן ראַדיקאַל דאָ אויפן אָרט; דער סאָציאַליזם — דער אויסדרוק פון דער פאָרגעקומענער קלאַסן־דיפערענצירונג און פונם קלאַסן־קאַמף אויף דער יידישער גאַס.

קיין חידוש נישט דעריבער, וואָס ביידע אידייען האָבן אין דעמזעלבן יאָר, אין 1897, צום ערשטן מאָל געפונען זייער אויסדרוק אין אָרגאַניזירטע פּאָליטישע מאַסן־באַוועגונגען (אין דער ציוניסטי־שער אָרגאַניזאַציע און אינם „בונד") און וואָס דידאָזיקע באַוועגונגען האָבן באַלד פאַרנומען אַ שאַרפע פיינטלעכע שטעלונג איינע צו דער אַנדערער.

וואָרום יעדע פון די צוויי באַוועגונגען איז אין יענער צייט געווען געטראָגן פון צוויי פאַרשידענע קלאַסן. אויפן ציוניזם האָט אַרויפגעלייגט זיין חותם דאָס קליינבירגערטום. ער איז געווען אַ קינד פון דער פאַרצווייפלונג פון די ברייטע קליינבירגערלעכע מאַסן אין דער מעגלעכקייט פון וועלכער עס איז פאַרבעסערונג פון זייער גורל דאָ, אין די לענדער פון מזרח־אייראָפּע. זיין סימן מובהק איז געווען פּעסימיזם, אומגלויבן אין די אייגענע כוחות און — אין רוסלאַנד — אויך אינם כוח פון דער רעוואָלוציע. דעריבער אפילו ביי אַ פולער מענטשלעכער סימפּאַטיע צו די נישט־יידישע רעוואָ־לוציאָנערן, אַ נישט־פאַראינטערעסירטקייט, אַ פּאַסיוויטעט לגבי די געשעענישן דאָ, אַן אָפענע אָדער באַהאַלטענע אַנטיפּאַטיע קעגן דער באַטייליקונג פון יידן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. וואָס קען ברענגען אומגליק אויף יידן, צעשפּליטערט די יידישע כוחות דורך אַ כלומרשט נישט־פאַראַנענער קלאַסן־צעטיילונג און ציט אָפּ די כוחות פון דער איינציקער עיקר־אויפגאַבע, דעם ציוניזם.

דידאָזיקע שטימונג פון „שלילת הגלות" האָט אַ חוץ דעם אויך

געבראַכט צו אַ נישט־דערשאַצונג אפילו פון די נאַציאָנאַלע אויפגאַבן און דעם נאַציאָנאַלן קאַמף אין די גלות־לענדער.

דער סאָציאַליזם, פון דער צווייטער זייט, געטראָגן פונם יונגן יידישן אַרבעטער־קלאַס, וועלכער האָט נאָך נישט באַוויזן צו דער־קענען די גרעניצן פון זיין אייגענעם כוח, שטייענדיק מיטביידע פיס דאָ, פול מיט אָפּטימיסטישן גלויבן אין דער רעוואָלוציע. ער זעט נאָר דעם קלאַסן־קאַמף, נעגירט דעם גלות אין אַ היפּוכדיקן זין: נישטאָ קיין גלות, נישטאָ קיין ספּעציפישע נאַציאָנאַלע אויפגאַבע פאַרן יידישן סאָציאַליזם. און ווער עס רופט צו אַזעלכע, פאַרטונקלט דעם קלאַסן־באַוווסטזיין און ציט נאָר אָפּ כוחות פון דער איינציקער עיקר־אויפגאַבע — דער רעוואָלוציע, דעם קלאַסן־קאַמף.

4.

עטלעכע יאָר לאַנג האָט זיך צעפלאַקערט אַ קאַמף אויף טויט און לעבן צווישן די צוויי לעגיטימע צווילינגס־אידייען פון דער מאָדערנער יידישער ווירקלעכקייט, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן איין־אויגיק, יעדעס אויג געווענדעט צו אַן אַנדער זייט פונם יידישן לעבן. ביז דער פועלי־ציוניזם האָט נישט נאָר שלום געמאַכט צווישן זיי און זיי סינטעטיזירט, נאָר אָרגאַניש פאַראייניקט זיי צו איין האַרמאָנישער גאַנצקייט.

שוין אין די ערשטע יאָרן פונם פּאָליטישן ציוניזם האָבן זיך דאָ און דאָרט געפונען יחידים און אפילו גאַנצע גרופּן, וואָס האָבן אינסטינקטיוו געפילט, אַז דער פאַרביסענער קאַמף צווישן סאָציאַליזם און ציוניזם איז נישט קיין נאַטירלעכע זאַך. האָבן דאָך אין זייערע אייגענע מוחות און הערצער געפונען פּלאַץ איינע נעבן דער אַנדע־רער ביידע אידייען. זיי זיינען געווען גוטע ציוניסטן, אָבער זייער נאַציאָנאַלער געפיל האָט זיי אויך נישט טויב געמאַכט פאַר די ליידן פון די געפּלאָגטע און אונטערדריקטע מאַסן פון די אַנדערע פעלקער. זייער ציוניסטישע איבערצייגונג האָט זיי נישט געמאַכט גלייכגילטיק צו די געשעענישן אויפן אָרט. און זיי האָבן געפילט, אַז נישט קוקנדיק

אויף דער געמיינזאַמער ציוניסטישער איבערצייגונג טיילט זיי דאָך אָפּ פון די איבעריקע ציוניסטן אַ תהום אין זייער אַלגעמיינעם בליק אויפן לעבן און אַז נישט קוקנדיק אויף דער שאַרפער קעגנערשאַפט איז דאָך פאַראַן עפּעס, וואָס פאַרבינדט זיי מיטן „פיינטלעכן" סאָציאַליסטישן לאַגער. אַזוי זיינען אַנטשטאַנען די ערשטע אַרבעטער־גרופּן אין די אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, אַזוי זיינען שוין אין די סאַמע ערשטע יאָרן פונם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט געשאַפן געוואָרן די ערשטע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך שוין אָנגערופן ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע, יאָ, וואָס האָבן זיך שוין באַנוצט מיטן נאָמען פועלי ציון, אָבער ערשט נאָך עטלעכע יאָר פון זוכעניש און אומקלאָרקייט האָט זיך אויסקריסטאַליזירט פון דעם אַלעמען די באַוועגונג, אין וועלכער סאָציאַליזם און ציוניזם רוען שוין נישט בלויז בשלום איינער נעבן דעם אַנדערן, נאָר זיינען צענויפגעשמאָלצן אָרגאַניש צו איין אידייע, צום יידישן סאָציאַליזם, צום פועלי־ציוניזם.

איצט, ווען די באַוועגונג האָט שוין הינטער זיך אַ לענגערן עבר, קען מען ערשט ריכטיק אָפּשאַצן די באַדייטונג פון איר אויפטו.

עס איז געווען קודם־כל אַ מאָראַלישער אויפטו. ווייל ביידע אידייען זיינען דורך אים ערשט אָפּגערייניקט געוואָרן פון אַ פּגם און האָבן אַזוי באַקומען זייער אמתן תיקון.

סאָציאַליזם איז נישט קיין איינזייטיקע באַוועגונג פאַר דער באַפרייאונג פון דער מענטשהייט פון עקאָנאָמישער קנעכטשאַפט. ער איז די אוניווערסאַלע אידייע פון דער אַלזייטיקער מענטשלעכער באַפרייאונג און דערהויבונג. דעריבער פאַרטראָגט נישט דער סאָציאַליזם קיין שום אונטערדריקונג, ובפרט נישט די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג פון וועלכן עס איז פאָלק. אַדרבא, עס ליגט אין מהות פונם סאָציאַליזם צו שטרעבן צו אַזאַ צושטאַנד, אין וועלכן יעדעס פאָלק זאָל האָבן די גלייכע באַדינגונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון זיין נאַציאָנאַלער קולטור און פערזענלעכקייט, ווי אַלע אַנדערע פעלקער. דעמדאָזיקן פּרינציפּ האָט שוין אָנגעצייכנט דער ערשטער אינטער־

נאַציאָנאַל אינם באַרימטן אינאַגוראַל־אַדרעס, וועלכער ערקלערט, אַז עס איז די אויפגאַבע פונם פּראָלעטאַריאַט צו פּראָקלאַמירן די איינ־פאַכע געזעצן פון מאָראַל און יושר, וואָס פונקט ווי זיי דאַרפן באַהערשן די באַציאונגען צווישן פּריוואַטע מענטשן, אַזוי מוזן זיי גילטן אַלס די העכסטע געזעצן אינם פאַרקער צווישן די נאַציעס.

אמת, נישט שטענדיק איז דער אינטערנאַציאָנאַל אין די שפּעטערע יאָרן אין אַ פולער מאָס געבליבן געטריי דערדאָזיקער אויפגאַבע. ער האָט אָנגעווענדעט דעם דערמאָנטן פּרינציפּ בעיקר אויף די צווישן־מלוכה׳שע באַציאונגען. די נאַציאָנאַלע אונטערדריי־קונג האָט אים אינטערעסירט נאָר אין באַשטימטע, באַזונדערס בולטע פאַלן, ווי ביים דערדריקטן פּוילישן פאָלק און ביי דער עקס־פּלאָאַטאַציע פון מחוץ־אייראָפּעאישע פעלקער דורך דער קאָלאָניאַל־פּאָליטיק. ער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין געהעריקן אינטערעס פאַרן גורל פון די אונטערדריקטע קלענערע פעלקער אין אייראָפּע, ובפרט פאַרן לעבנס־קאַמף פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פונם פאַקט, וואָס דעם חותם אויפן דענקען און דער טעטיקייט פונם אינטערנאַציאָנאַל האָבן אַרויפגעלייגט די פּאַרטייען פון די גרויסע מערב־אייראָפּעאישע פעלקער, וואָס זיינען געווען ווייט פון די נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען און האָבן נאַטירלעכער־ווייזע געהאַט די נטיה נישט ריכטיק אָפּצושאַצן דעם נאַציאָנאַלן באַפרייאונגס־קאַמף פון די אונטערדריקטע פעלקער.

דער פּועלי־ציוניזם האָט אין דעם זין דערפילט אַ דאָפּלטע שליחות. ער האָט קודם כל דעם יידישן סאָציאַליזם באַפרייט פון זיין קינדער־קראַנקהייט, פון זיין פּגם פון גלייכגילטיקייט, זיין קעגנערשאַפט צו דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונגס־באַוועגונג פונם יידישן פאָלק. ער האָט געוויזן דעם יידישן סאָציאַליזם, אַז דווקא דער ציוניזם איז דער וועג פאַר דער פולער רעאַליזירונג פון די סאָציאַליסטישע אידייען אינם יידישן לעבן. ער האָט אָבער פון דער צווייטער זייט אַ גרויסן חלק אין דער נייער אָריענטירונג פונם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם בנוגע דער נאַציאָנאַלער פראַגע. נישט

נאָר האָט די פּועלי־ציוניסטישע פּובליציסטיק שוין אין די ערשטע יאָרן פון איר אַנטוויקלונג דורך איר וויכטיקסטן פאַרטרעטער, ב. באָראָכאָוו, צוגעטראָגן עיקרדיקע ציגל־שטיינער צו דער וויסנ־שאַפטלעכער אויספאָרשונג פונם נאַציאָנאַלן פּראָבלעם און דעם קלאַסן־כאַראַקטער פון די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פון פאַרשידענע שיכטן, נאָר דער פּועלי ציוניזם איז אין אַלע די יאָרן נישט מיד געוואָרן צו וועקן דעם געוויסן פונם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם בנוגע דער נאַציאָנאַלער, ובפרט דער יידישער פראַגע. אַז ער האָט דערביי דערגרייכט באַדייטנדע דערפאָלגן, בפרט בעת און נאָך דער מלחמה, איז באַקאַנט.

אָבער דאָס אַלץ איז נאָר מעגלעך געווען דורך דעם, וואָס גלייכצייטיק האָט דער פּועלי־ציוניזם אויך דעם ציוניסטישן געדאַנק אָפּגערייניקט פון אַ שורה קינדער־קראַנקהייטן, וואָס האָבן זיך גענומען נישט פון זיין טיפערן מהות, נאָר דערפון, וואָס בעת זיין געבוירן ווערן אַלס מאַסן־באַוועגונג, איז ער געטראָגן געוואָרן בעיקר פון אַ באַשטימטן קלאַס, דעם קליינבירגערלעכן. דער פּועלי־ציוניזם האָט נישט נאָר טעאָרעטיש ליקווידירט די קעגנערשאַפט צווישן ציוניזם און סאָציאַליזם, באַפרייט דעם ציוניזם פונם פגם פון קעגנער־שאַפט צום העכסטן באַפרייאונגס־אידעאַל פון דער גאַנצער מענטשהייט און אים דערמיט ערשט אַריינגעשטעלט אין דער שורה פון די פּראָגרעסיווע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען. ער האָט אויך עמאַנציפּירט דעם ציוניזם פון דעם פאַלשן און שרעקלעכן געדאַנק פון שלילת־הגלות, פון אַבסאָלוטן פּעסימיזם בנוגע יעדער מעגלעכקייט פון פאַרבעסערן דעם מצב פון די יידישע מאַסן דאָ אין די לענדער פונם איצטיקן מאַסן־ישוב, וואָס האָט פאַרפירט זיינע אָנהענגער צו אַ גלייכגילטיקייט בנוגע דעם פּאָליטישן און סאָציאַלן קאַמף דאָ, יאָ, צו אַן אידעאָלאָגיע פון פּאַסיוויטעט, פון „וואָס ערגער, אַלץ בעסער", און אין דער ווייטערער קאָנסעקווענץ צו אַ קעגנערשאַפט בנוגע דער באַטייליקונג פון יידן אין דער פּאָליטישער און רעוואָ־לוציאָנערער באַוועגונג דאָ. אַזוי האָט דער פּועלי־ציוניזם באַפרייט

דעם סאַמע נאַציאָנאַלסטן און סאַמע רעוואָלוציאָנערסטן געדאַנק אין דער יידישער גאַס פון דער געפאַר פון נאַציאָנאַלן פאַרראַט און קאָנטער־רעוואָלוציע.

5.

דידאַקטיקע אַלע אויפטועז דאַרף מען פאַרשטיין אין אַ דאָפּלטן זין. ערשטנס, אין אַ אידייאיש־טעאָרעטישן. אויך פאַרן פועלי־ציוניזם איז געווען ביי אונז אַ ציוניסטישע און סאָציאַליסטישע ליטעראַטור. אָבער די ציוניסטישע איז געווען אַ זאַמלונג פון טיפּיש קליינבירגערלעכע קינות איבערן ביטערן גורל פונם יידישן פאָלק, איבערן עלנד פון די יידישע מאַסן, רדיפות, פּאָגראָמען און פון סענטימענטאַלע מליצה׳דיקע שילדערונגען פונם אייביקן בונד צווישן ציון און דער יידישער אומה. קיין ערנסטע אויספאָרשונג פון דער אמת׳ער לאַגע פון די יידישע מאַסן, פון די פאַקטאָרן און טענדענצן פונם יידישן לעבן, פון די סיבות, וואָס טרייבן צו דער רעאַליזירונג פונם ציוניזם, איז נישט געווען בנמצא.

די סאָציאַליסטישע ליטעראַטור ווידער איז געווען יידיש נאָר לויט דער שפּראַך און די מענטשן, צו וועלכע זי איז געווען געווענדעט. אָבער זי איז באַשטאַנען על פּי רוב פון איבערזעצונגען, און די ווייניקע אָריגינעלע שריפטן זיינען געווען געדאַנקן־אָרעמע אַגיטאַציע־בראָשורן, וואָס האָבן גערופן דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס און די יידישע מאַסן צום קאַמף קעגן דער אומגערעכטיקייט אויף דער וועלט, קעגן צאַריזם און קאַפּיטאַליזם. אָבער קיין פּרווו צו באַלויכטן מיטן ליכט פון דער סאָציאַליסטישער תורה די יידישע ווירקלעכקייט, און אודאי נישט קיין פּרווו אויפן יסוד פון דערדאָזיקער ווירקלעכקייט צו שטעלן דעם יידישן סאָציאַליזם ספּעציפיש־יידישע אויפגאַבן.

נאָר יחידים האָבן זיך דערוועגט אַראָפּצוגיין פון „דרך הישר" פונם „אַלץ איז איינפאַך און קלאָר" און צוצוגיין צום יידישן לעבן, ווי צו אַן אייגנאַרטיקן קאָמפּלעקס פון עקאָנאָמישע און היסטאָרישע

דערשיינונגען, אויסצופאָרשן און אויפצווייזן זייערע אומנאָרמאַל־קייטן, — האָבן זיי זיך טאַקע נישט אַריינגעפּאַסט אינם קאַזיאָנעם חדר און די לופט איז זיי באַלד דאָרטן געוואָרן ענג. די וויכטיקסטע צווישן דידאָזיקע ווייניקע זיינען חיים זשיטלאָווסקי *), וועלכער איז שוין אין זיין פאַרבונדישן און בונדישן פעריאָד, לויט זיין גאַנצן קוק אויף די פּראָבלעמען פונם יידישן סאָציאַליזם, געווען אַ פאָרלויפער פון אונזער באַוועגונג, און נחמן סירקין **), וועלכער האָט דעם גרעסטן חלק אינם פאַרשיטן דעם מאָראַלישן תהום צווישן סאָציאַ־ליזם און ציוניזם.

אויך די אַנדערע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע עלעמענטן האָבן זייער חלק אין דער גרויסער גייסטיקער אַרבעט, וואָס איז נויטיק געווען כדי אויפצושטעלן דעם בנין פונם יידישן סאָציאַליזם. די

---

* חיים זשיטלאָווסקי — 1865—1943. אַ שרייבער־טעאָרעטיקער און אַ געזעלשאַפטלעכער טוער. איינער פון די ערשטע אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, וועלכער האָט געפּרווווט שאַפן אַ בריק צווישן דעם נאַציאָנאַלן און סאָציאַליסטישן געדאַנק. איינער פון די גרינדער פון דער יידישער סיימיסטן־פּאַרטיי און פון דער רוסישער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן. ער האָט געקעמפט געגן דעם ציוניזם. אָבער אין פאַרשידענע תקופות פון זיין לעבן איז ער געווען גענייגט צו דער ארץ־ישראלדיקער לעזונג פון דער יידן־פראַגע, און בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער אויך אַריינגעטרעטן אין דער פּועלי־ציון פּאַרטיי אין אַמעריקע, ווו ער האָט זיך געפונען פון זינט 1908. ער האָט אַ סך געשריבן וועגן אַקטועלע, ליטעראַרישע, געזעלשאַפטלעכע און פילאָזאָפישע פראַגן. ער האָט געהאַט אַ זעלטן־שטאַרקע השפּעה אויף דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און אויף דער יידישער אינטעליגענץ.

** נחמן סירקין — 1868—1924. דער פאָטער פון סאָציאַליסטישן ציוניזם. אין 1903 האָט ער אין בערלין אַרויסגעגעבן די זשורנאַלן פון דער גרופּע „חרות“, וועלכע ער האָט דאָרט געגרינדעט: דאָס זאַמלבוך „דער המון“ אין יידיש און דעם דריי־חודש זשורנאַל „השחר“ אין העברעיש. געווען דער פירער פון ס. ס. און רעדאַקטאָר פון אירע צייטשריפטן. ער איז אַריבערגעפאָרן קיין אַמעריקע און פון 1909 — אַ פירער פון די דאָרטיקע פּועלי־ציון. געשריבן וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן און אַ סך פּובליציסטישע, פילאָזאָפישע און היסטאָרישע אַרטיקלען. בערל קאַצענעלסאָן האָט געשריבן זיינע אַ גרויסע ביאָגראַפיע „האחד במערכה“, וועלכע ער האָט נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן.

טעאָרעטיקער פון ס. ס.* האָבן גרויסע פאַרדינסטן אינם אויפֿווייזן דעם עקאָנאָמישן כאַראַקטער פונם יידישן פּראָבלעם, די גרעניצן פונם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן כוח פונם יידישן אַרבעטער־קלאַס און די טרייבנדע כוחות פון דער יידישער עמיגראַציע. די סיימיסטן** האָבן אַנטקעגנגעשטעלט דעם שלילת הגלות דעם פּאַטאָס פונם נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערן פרייהייטס־קאַמף פון די יידישע מאַסן דאָ אויפן אָרט. אָבער ערשט דער פּועלי־ציוניזם בפרט זיין וויכטיקסטער טעאָרעטישער וואָרט־פירער, באָראָכאָוו, האָט אויסגעבויט דידאָזיקע אָנהויבן צו אַ וויסנשאַפטלעכן סיסטעם, געשאַפן די גרונד־יסודות פאַרן אַלזייטיקן טעאָרעטישן בנין, אין וועלכן די עיקר־דערשיינונגען פונם יידישן לעבן ווערן גרינדלעך אַנאַליזירט פונם עקאָנאָמיש־סאָציאָלאָגישן שטאַנדפּונקט, פריי פון איינזייטיקייט און איבערטרייבונגען, און עס ווערט אויך אַנטפּלעקט זייער דינאַמיק, די טענדענצן פון דער ווייטערער היסטאָרישער אַנטוויקלונג.

וויכטיקער אָבער פון דעם אידעאיש־טעאָרעטישן אויפטו איז, וואָס דער פּועלי ציוניזם איז פונם ערשטן מאָמענט פון זיין עקזיס־

---

* ס. ס. — סיאָניסטן־סאָציאַליסטן, אין תוך גענומען, טעריטאָריאַליסטן־סאָציאַליסטן. דידאָזיקע באַוועגונג, און אין אַ גרויסער מאָס אויך די סיימיסטן, זיינען געקומען פון דער פּועלי־ציון באַוועגונג, וועלכע האָט זיך געפונען אין אירע ערשטע עקזיסטענץ־יאָרן, און ספּעציעל בעת עס איז אויפגעקומען די אוגאַנדאַ־פּראַגע, אין אַ צעטומלעניש און אין אינערלעכע דיסקוסיעס געזוכט אַ וועג פאַר זיך. די ס. ס. האָבן זיך אָפיציעל אָרגאַניזירט ווי אַ פּאַרטיי אין אָנהויב 1905. זיי האָבן פאַרלאָזט דעם זיבעטן ציוניסטישן קאָנגרעס (זומער 1905) און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע.

** סיימיסטן — זיי האָבן געקעמפט פאַר אַ יידישן סיים (פּאַרלאַמענט) אין די גלות־לענדער. וועגן זייערע אידעאָלאָגישע אויפפאַסונגען זע ווייטער, אינם אַרטיקל פון חבר בן־צבי זייט 92—91.

נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע אין פעברואַר 1917 האָבן זיך דידאָזיקע צוויי פּאַרטייען פאַראייניקט אין איין פּאַרטיי אונטערן נאָמען „פּאַראייניקטע", אין 1920 האָבן זיי זיך פאַראייניקט מיטן „בונד", וועלכער האָט זיך דערקלערט אַלס יידישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי און שפּעטער זיך אָנגעשלאָסן אין דער רוסישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

טענץ געווען און געבליבן אַ באַוועגונג פון לעבעדיקער טאַט, פון מקיים זײַן תיכף אין דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט דאָס, וואָס ער האָט געפּריידיקט אין דער טעאָריע. ער האָט שטענדיק מיט מעשים באַוויזן, אַז דער סינטעז צווישן סאָציאַליזם און ציוניזם, צווישן דאָ און דאָרט, איז נישט קיין קונציקע געדאַנקען־קאָנסטרוקציע, נאָר דער בלוט־פולער אויסדרוק פונם אַזוי פילזייטיקן, סתירות־פולן יידישן אַרבעטער לעבן גופא. ער האָט פאַרבונדן דעם מוטיקסטן קרבנות־פולן קאַמף אין די שורות פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד מיטן אַוועקגעבן די בעסטע און אַקטיווסטע אײַנס זיינע אייגענע שורות דער צווייטער עליה קיין ארץ־ישראל. ער האָט אויפגענומען אין דער פולער ברייט די לאָזונגען פונם נאַציאָנאַלן סײַם און אויפן שאַרפסטן אופן באַקעמפט די ארץ־ישראל ליקווידאַציע פון סיימיזם. ער האָט אין עסטרײַך זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פונם קאַמף פאַר דער נאַציאָנאַלער אױטאָנאָמיע. ער איז געווען דער אָנפירער און געטרייסטער טרעגער פונם פאָזיטיווסטן קאַמף פאַר רעכט און לעבן אין גלות און האָט גלייכצייטיק אומברחמנות׳דיק אויפגעדעקט די הײלקייט און זעלבסטצופרידנהײט פונם אויבנאויפיגסטן טיפ פונם בונדישן נאָר־גלות׳יזם, דעם גאַליציישן. ער איז אין אַמעריקע אַלס ערשטער אין דער יידישער אַרבעטער־וועלט איבערגעגאַנגען צו דער פּראָפּאַגאַנדע פון מעשים צו רעוואָלוציאָניזירן סאָציאַל און נאַציאָנאַל די דערציאונג פונם יונגן דור דורך די נאַציאָנאַל־ראַדי־קאַלע שולן. ער האָט שוין אין די ערשטע יאָרן פון זיין זעלבסט־שטענדיקער עקזיסטענץ געקעמפט אין אַלגעמיינעם ציוניזם פאַר תיכף׳דיקער פּראַקטישער אַרבעט אין ארץ־ישראל און דורכגעזעצט דעם פּרינציפּ פון קאָאָפּעראַטיווער קאָלאָניזאַציע און האָט גלייכ־צייטיק געלייגט דעם יסוד פאַר דער זעלבסטשטענדיקער פּראָלע־טאַרישער אױפבוי־אַרבעט אין לאַנד דורכן שאַפן דעם ערשטן סאָציאַליסטישן פינאַנץ־אינסטרומענט, דעם פּאַלעסטינאַ־אַרבעטער־פאָנד. ער האָט אין ארץ־ישראל די ערשטע גרונד־שטיינער געלייגט פאַר דער גאַנצער אַזוי פאַרצווייגטער בויאונגס־אַרבעט פון דער

ארץ־ישראל׳דיקער אַרבעטערשאַפט, וואָס איז איצט קאָנצענטרירט אין דער הסתדרות, וועמענס פאָנען־טרעגער ס׳איז אויך היינט די פאַרטיי פון אונזער וועלט־פאַרבאַנד.

נאָך אַ זאַך דאַרף פאַרצייכנט ווערן: דער פועלי־ציוניזם האָט קיינמאָל נישט באַטראַכט די אָרגאַניזאַציע, דעם אַפּאַראַט, פאַרן עיקר, פאַר וועמענס דערהאַלטונג ס׳זאָל כדאי זיין צו ברענגען אידייאישע קרבנות. דער עיקר איז שטענדיק געבליבן די ריינקייט פון דער אידייע און די אַקציאָנס־פעאיקייט פון דער באַוועגונג. דעריבער האָט דער פועלי־ציוניזם אָן רחמנות אַרויסגעשטויסן די האַלב־סאָציאַליסטישע, קליינבירגערלעך־ראַדיקאַלע אומצופרידענע אינטעליגענץ וואָס האָט צו אים פאַרבלאָנדזשעט אין די גרינדונגס־יאָרן. דעריבער האָט ער זיך אין אַ קייט פון שפּאַלטונגען צעשיידט מיט אַלע עלעמענטן, וואָס האָבן צוליב אַ טעריטאָריאַליזם פון גיכער הילף, אָדער צוליב איינזייטיקע סיימיסטישע האָפנונגען ליקווידירט די ארץ־ישראל־אידייע און די ארץ־ישראל־טאַט. און אַזוי האָט ער אויך אין דער צייט פון טראַגישע בלאָנדזשענישן און שפּאַלטונגען פון דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג נאָך דער מלחמה, ווידער אַמאָל אויסגעזונדערט אַלע וואַקלדיק־געוואָרענע *), וואָס האָבן פאַר לויטער וועלט־רעוואָלוציאָנערע אילוזיעס, זיך אָפּן אָדער פאַרשעמט אָפּגעזאָגט פון דער גרויסער רעוואָלוציע, וואָס דאָס אַרבעטנדיקע ארץ־ישראל טראָגט שוין איצט מיט יעדן טאָג אַלץ מער אַריין אין אונזער לעבן.

און דעריבער האָט ער אויך אינם ריכטיקן מאָמענט דורכ־געפירט די צענויפגיסונג מיט דער יינגערער שוועסטער־באַוועגונג, דעם ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן וועלט־פאַרבאַנד **), פון וועמענס

---

* עס רעדט זיך וועגן דער שפּאַלטונג אין דער אַלוועלטלעכער פועלי־ציון באַוועגונג, אויף דער ווינער קאָנפערענץ אין יאָר 1920. די לינקע פּועלי־ציון האָבן זיך נאָך אַ געוויסער צייט ווידער געשפּאָלטן. אַ קענטיקער טייל פון זיי האָט מוותר געווען אויף דער ציוניסטישער לעזונג פון דער יידן פראַגע.

** צ.ס.־וועלטפאַרבאַנד — די סאָציאַליסטישע צעירי־ציון,

שורות עס האָבן אינם לעצטן האַלב־יאָר־צענדליק אַ סך טויזנטער באַגייסטערטע יונגע סאָציאַליסטן אַריינגעשטראָמט אינם יידישן אַרבעטער־קלאַס אין ארץ־ישראל.

אַזוי פאַלט אויס אונזער חשבון־הנפש לגמרי פּאָזיטיוו. עס קעמפן נאָך אויך היינט ציוניסטן אין נאָמען פון ציוניזם קעגן סאָציאַליזם. עס זיינען נאָך היינט יידישע סאָציאַליסטן איינגע׳עקשנ׳ט אין זייער אַבסאָלוטער נעגאַציע פון אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו ארץ־ישראל. אָבער די פאַקטן פון לעבן ריידן אַ קלאָרע שפּראַך: דער איינציקער ציוניזם פון טאָט איז אונזער ציוניזם, דער ציוניזם פון אַרבעט, דער סאָציאַליסטישער ציוניזם, און זיין העכסטן רעאַלן שאַפונגס־כוח דערגרייכט דער יידישער סאָציאַליזם שוין היינט דורך דער באַהעפטונג מיט ארץ־ישראל.

דערדאָזיקער חשבון־הנפש זאָגט אונז, אַז מיר זיינען אויפן ריכטקן וועג. לאָמיר אויף אים ווייטער גיין מיט באַגייסטערונג און קרבנות־גרייטקייט ביזן פולן נצחון.

„יידישער אַרבעטער־יאָרבוך און אַלמאַנאַך"
פון פועלי ציון אין אַמעריקע, 1927.

---

וועלכע האָבן זיך אָפּגעשפּאָלטן פון דער „צעירי־ציון"־באַוועגונג אין רוסלאַנד — אויף דער דריטער קאָנפערענץ אין כאַרקאָוו 1920 און אין פוילן אין יאָר 1920. בעתן 12־טן ציוניסטישן קאָנגרעס איז געשאַפן געוואָרן דער וועלט־פאַרבאַנד צ. ס. — צעירי־ציון און אין 1925 האָבן זיי זיך פאַראייניקט מיט די רעכטע פועלי־ציון.

# נ. סירקין / צו דער פארגעשיכטע פון סאציאליסטישן ציוניזם

ווער עס שרייבט אָדער צייכנט נאָר אָן די געשיכטע פון אַ באַוועגונג, איז מחויב אייגנטלעך אָנצוהויבן מיט דער פאָרגעשיכטע, וואָרום יאָרצענטן פאַר דער אַנטשטייאונג פון אַ באַוועגונג חלומ׳ען איינצלנע אויסגעקליבענע זייערע איינזאַמע חלומות און עס טראָגן זיך אין דער לופט פאַראיינצלטע אידייען, וועלכע זיינען דער זויערטייג, פון וועלכע עס גייט אויף שפּעטער די באַוועגונג. אויך די געשיכטע פון דעם סאָציאַליסטישן ציוניזם האָט איר פאָרגעשיכטע, וועלכע איז אַ העכסט־אינטערעסאַנטער קאַפּיטל פון דער יידישער געשיכטע אין דער מאָדערנער צייט. דער גרויסער דייטשער רעוואָלוציאָנער און סאָציאַליסט משה העס * איז שוין אין יאָר 1862 געווען דער אייגנטלעכער אָנזאָגער נישט פון דעם ציוניזם נאָר פון דעם סאָציאַליס־טישן ציוניזם, וועלכער אונטערשיידט זיך פון דעם בירגערלעכן ציוניזם גראָד אַזוי פיל, ווי די אידעאָלאָגיע פון דעם פּראָלעטאַריאַט פון דער אידעאָלאָגיע פון דער בורזשואַזיע. אין לאַסאַלס מעמואַרן זיינען פאַראַן אייניקע סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע באַמערקונגען, וועלכע באַווייזן דאָס אין דער נשמה פון דעם גרויסן רעוואָלוציאָנער האָבן זיך געקענט דערוועקן שטאַרקע יידישע אינסטינקטן. מאַרקס געניאַלע קריטיק פון דער יידישער אַנטי־סאָציאַלער בורזשואַזיע, וועלכער ער רופט אָבער מיט דעם נאָמען יידנטום בכלל,** הויבט איצט אָן פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט צו ווערן נאָך איר גאַנצער סאָציאָלאָגישער און געשיכטס־פילאָזאָפישער פרוכטבאַרקייט מצד דעם מאָדערנעם יידישן געדאַנק. אַזוי איז דאָס געוויס נישט קיין

---

* משה העס — 1812—1875. אַ פילאָזאָף, אַ שרייבער און אַ סאָציאַ־ליסטישער טוער. פון די גרינדער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. געאַרבעט צוזאַמען מיט מאַרקסן און געהאָלפן לאַסאַלן צו שאַפן די אַרבעטער־באַוועגונג אין דייטשלאַנד. חבר פון ערשטן אַרבעטער אינטערנאַציאָנאַל. זיין בוך „רוים און ירושלים" (1862) איז אַ פונדאַמענטאַל בוך פון דער ציוניסטישער טעאָריע.

** מאַרקס: די יידן־פראַגע. עס רעדט זיך וועגן דעם ויכוח פון קאַרל מאַרקס מיט ברונא באוער אין דער יידן־פראַגע, אין וועלכן מאַרקס האָט אידענטיפיצירט דאָס יידנטום מיטן קאַפּיטאַליזם, ווי דאָס גאַנצע יידישע פאָלק וואָלט באַשטאַנען פון באַנקירן און גרויסע סוחרים. אין דערמאָנטן אַרטיקל זיינען געווען עטלעכע זאַצן, וועלכע האָבן שווער אָנגעגריפן דאָס יידנטום. פילע האָבן אין זיי געזען אַן אויסדרוק פון אַנטיסעמיטיזם. אייניקע פון די גרינדער פון סאָציאַליסטישן ציוניזם האָבן זיך מיט דעם אַרטיקל פובליציסטיש מטפל געווען און אים אויסגעטייטשט.

פּאַראַדאָקס, ווען מען וועט זאָגן, דאָס די יידישע באַגרינדער פון דעם דייטשן סאָציאַליזם האָבן די ערשטע דערזען דאָס יידנטום און דאָס יידישע פּראָבלעם אין אַ נייעם ליכט.

אַלס אומבאַוווסטע סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע טענדענצן, וואָלט מען געקענט אָנרופן מאַנכע באַשטרעבונגען פון די ערשטע פּאַלעסטינצעס, פון די ביל״ו׳צעס, פון וועלכע פיל זיינען געווען רוסישע סאָציאַליסטן. פיל פון די ביל״ו׳צעס, די זיילן פון חבת־ציון, ווי ליליענבלום *, יהל״ל **, און נאָך זיי פיל חובבי ציון אין לאָנדאָן, זיינען געשטאַנען פריער אין דער סאָציאַליסטישער אידייען־וועלט. ביי די סאָציאַליסטן האָט אָבער דער פּאַלעסטיניזם באַלד אויסגעלופטערט דעם טריף־פּסול׳דיקן סאָציאַליזם, און דער גרעסטער טייל פון זיי האָט אַ דריי־געטאָן די האַלאַבלעס השיבנו נאַזאַד אין די כשר׳ע יידישקייט. עס איז אינטערעסאַנט, דאָס דער ערשטער באַשרייבער פון דעם יידישן סאָציאַליזם, אָדער בעסער געזאָגט פון דעם העברעאישן סאָציאַליזם אין דער דייטשער צייט־שריפט „ריכטערס סאָציאַליסטישע יאָר־ביכער״ אין די זיבעציקער יאָרן, דער יידישער סאָציאַליסט א. וו. ראַבינאָוויטש ***, אין לאָנדאָן, איז געוואָרן שפּעטער אַ כשר פרומער חובב־ציון.

פּאַר אַ סינטעז פון סאָציאַליזם און ציוניזם זיינען נישט די מענטשן און נישט די צייט דאַמאָלט געווען מסוגל. האָט זיך ביי דעם נאָך גאַנץ שוואַכן אין דער לופט שוועבנדן יידישן סאָציאַליסט דערוועקט דער יידישער נאַציאָנאַלער אינסטינקט, האָט ער זיך אָפּגעקערט פון זיין סאָציאַליסטישן גאָט און האָט זיך אויסגעטראַכט אַ ווילדע טעאָריע, — דאָס סאָציאַליזם און דער פּראָגרעס בכלל זיינען שעדלעך פּאַר יידישקייט. אויך דער אַנדער

---

* משה לייב ליליענבלום — 1843—1910. אַ באַקאַנטער יידישער שרייבער. אין דער יוגנט איז ער געווען אַן אָנהענגער פון ליבערמאַנען און ווינטשעווסקין. נאָך די פּאָגראָמען אין 1881 האָט ער זיך איינגאַנצן אָפּגעגעבן דער חיבת־ציון און איז געוואָרן איינער פון די אַקטיווע הויפּט־טוער פון דער ראַזיקער באַוועגונג.

** יהל״ל — יהודה לייב לעווין — 1845—1925 — אַ העברעאישער דיכטער. פון ליבערמאַנס מיטהעלפער. אין עטלעכע פון זיינע לידער האָט ער אויסגעדריקט די ראַדיקאַל־סאָציאַליסטישע שטימונגען פון די זיבעציקער יאָרן אין פאָריקן יאָרהונדערט. נאָך די פּאָגראָמען אין 1881 האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אינם לאַגער פון די חובבי־ציון.

*** אליהו וואָלף ראַבינאָוויטש — או״ר — 1853—1932. אַ יידישער שרייבער, אַ סאָציאַליסט און אַ חובב־ציון.

פאַל איז פאָרגעקומען נישט זעלטן, דהיינו, דאָס אַ פּאַלעסטינעץ און חובב ציון צונויפקומענדיק זיך מיט דער יידישער אַרבעטער־מאַסע פלעגט אויפנעמען דעם סאָציאַליזם און דערמיט פלעגט אויך אַ פאַרברענטער סאָציאַליסט מגולגל ווערן אין פאַר׳שרפ׳טן קאָסמאָפּאָליט. אַלס אַ ביישפּיל פון דעם גלגול קען דינען פיליפּ קראַנץ, איינער פון די ערשטע, ווען נישט דער ערשטער סאָציאַליסטישער אַגיטאַטאָר און שרייבער צווישן די יידישע מאַסן... פיליפּ קראַנץ * איז דער זעלביקער ראָמבראָ, וועלכער האָט אין פּאַריז געשריבן פייערדיקע פּאַלעסטיניש־נאַציאָנאַליסטישע אַרטיקלען אין רוסיש און האָט דערנאָך אין לאָנדאָן אָנגעהויבן שרייבן נישט ווייניקער פייערדיקע אַסימילאַטאָריש־קאָסמאָפּאָליטישע אַרטיקלען אין יידיש. ווי געזאָגט, דער סינטעז צווישן פּאַלעסטיניזם און סאָציאַליזם האָט נישט געהאַט דאַמאָלט קיין מזל־ברכה. אָדער דער סאָציאַליסט פלעגט פאַרפאָרן אויף דעם פּאַלעס־טינישן רייטוואָגן אין די סאַמע שול אַריין, אָדער דער פּאַלעסטינעץ פלעגט מיט אַ געזונטן זידל אויף כלל ישראל נתעלה ווערן אין די קאָסמאָפּאָ־ליטישע עולמות.

סימנים פון דער אינווייניקסטער דערנענטערונג צווישן פּאַלעסטיניזם און סאָציאַליזם האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן אין דער ערשטער יידישער אַרבע־טער־באַוועגונג, פון וועלכער עס איז שפּעטער אַרויסגעקומען דער „בונד“. אַ גרויסער טייל פון די גייסטיקע שעפער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד זיינען געווען געוועזענע פּאַלעסטינצעס און חובבי־ציון, צווישן וועלכע עס פאַרדינט דערמאָנט צו ווערן גאַנץ באַזונדערס דער בונדיסטישער קעמפער אַמסטערדאַם ** פון מאָהילעוו. די פּאַלעסטינצעס, וועלכע האָבן געהאַט אַ נשמה אין זיך און האָבן באַקומען אַ ביסל בילדונג, איז נאַטירלעך געוואָרן ענג אין דער שטיקנדיקער אַטמאָספערע פון די חובבי־ציון, וועלכע זענען צוריק פאַרקראָכן אין די אַלטע בעלי־בית׳ישע שול, און עס האָט זיי געצויגן צו דער פאָלקס־מאַסע, צום פּראָלעטאַריאַט, צו

---

* פיליפּ קראַנץ — 1858—1922 — אַ סאָציאַליסטישער טוער און שרייבער. געוועזן שטאַרק טעטיק אין דער יידישער אַמעריקאַנישער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט געשריבן און איבערזעצט פּאָפּולערע ביכער פאַרן פאָלק.

** אַמסטערדאַם אברהם — געבוירן אין 1872. ער איז דער־טרונקען געוואָרן אין עלטער פון 28 יאָר. „דאָס איז געווען אַ מענטש מיט אַ ספּעציעל גרויסער בילדונג און מיט אַן אויסדריקלעכן פאָלקס־געפיל. כדי צו פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן פאָלק איז ער געוואָרן אַ „פּאַקן־טרעגער“. ער האָט געזוכט די סינטעזע צווישן נאַציאָנאַלער באַפרייאונג און סאָציאַליזם און זי נישט געפונען אינעם ציוניזם“ — (בערל קאַצענעלסאָן וועגן אים).

קאַמף, צו מאָדערנע אידייען. זיי זיינען אָבער געווען קענטיק טיפּערע נאַטורן איידער די קאָסמאָפּאָליטיש זשאַרגאָנישע גלגולים אין לאָנדאָן און אַמעריקע. אויך איז די רוסישע אַטמאָספּערע געווען מער מסוגל פאַר פּרוכטבאַרע סאָציאַלע שאַפונגען, זיי האָבן עס אַריינגעטראָגן אין דער ערשטער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אַ מער אָדער ווייניקער באַוווסט־זיניקן יידישן גייסט, וועלכער האָט זיך אין „בונד" פיל שפּעטער ערשט געשטייגערט ביז צו אַ נאַציאָנאַלער אידייע און אַ נאַציאָנאַלן פּראָגראַם. די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג .אין רוסלאַנד אין דער פאָרבונדיסטישער עפּאָכע, איז געווען די ערשטע בלאַסע נאָך אומבאַהאָלפענע פּראָבע פון אַ סינטעז צווישן סאָציאַליזם און פּאלעסטיניזם, אין וועלכן דעם פּאַלעסטיניזם האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ביסעלע יידישע פאָלקסטימלעכקייט, אין סאָציאַ־ליסטישע טעטיקייט באַזונדערס צווישן יידישע אַרבעטער און מיט הילף פון יידיש.

בשעת אין דער מאַסע האָט זיך אָנגעהויבן צו וועבן אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונג מיט נאַציאָנאַלע שטריכן, האָט אויך אין דער אינטעליגענץ אָנגעהויבן צו פאָרמירן זיך די אומקלאָרע שטימונג פון סאָציאַליזם־נאַציאָ־נאַליזם. דאָס איז געווען אין די ניינציקער יאָרן בשעת דער פּאַלעסטיניזם איז געקומען צו אַ קריזיס, און עס האָט זיך אויסגעדוכט, דאָס דער חלום פון אַ יידישער קאָלאָניזאַציע מיט נאַציאָנאַלע טענדענצן איז געווען נישט מער ווי אַ היסטאָרישער טעות. לויט דעם כלל, וועלכער האָט זיך שפּעטער נאָך און ביז צום היינטיקן טאָג אַרויסגעוויזן פאַר ריכטיק, דאָס ווען עס פאַרשווינדט די טעריטאָריאַליסטישע האָפענונג ביי יידן, פילט אויס „נאַציאָנאַליזם" די יידישע פּוסטקייט, איז אין יענע ניינציקער יאָרן אויס־געוואַקסן אַ סאָציאַליסטיש־נאַציאָנאַליסטישע זוכעניש, וועלכע האָט אויך תוך כדי דיבור אין דער אָרגאַניזאַציע פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט און אין פּאָפּולאַריזירונגען אין יידיש געפונען אַלע תשובות אויף אַלע זוכענישן. אין דער יידישער סטודענטנשאַפט אין רוסלאַנד און אויסלאַנד פלעגט זיך דיסקוטירן דאַמאָלט דאָס פּראָבלעם פון יידישן נאַציאָנאַליזם, אָבער די דיסקוסיאָנס־מוזיקאַנטן האָבן דאַמאָלט ערשט געשטעלט די פידל און גע־פּרוווט די סטרונעס פאַר דער גרויסער דיסקוסיאָנס־סימפאָניע, וועלכע האָט זיך מיט צען יאָר שפּעטער פונאַנדערגעשפּילט אויף אַלע כלים בכל תפוצות ישראל. און אַזוי־ווי פון יעדער דיסקוסיאָן מוז אַרויסקומען עפּעס אַ שטיקל פּראַקטישע זאַך, זיינען אויך .פון יענע דיסקוסיאָנען באַשאַפן געוואָרן איניקע געזעלשאַפטן צו פאַרשפּרייטן פּאָפּולערע ביכלעך אויף יידיש. אויף וויפיל מיר איז באַקאַנט האָבן די געזעלשאַפטן אַרויסגעגעבן אינגאַנצן איין ביכל, אמת אַ גלענצנד אויפגעשריבענעם, וועגן דאַרוויניזם פון א.

דאַווידסאָן. דאָס איז געווען דער איינציקער עופה׳לע, וועלכן די נאַ־ציאָנאַל־סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ האָט אויסגעבריט פון אירע דיס־קוסיאָנס־אייער.

אָט די אַלע נאַציאָנאַליסטן־סאָציאַליסטן זיינען געווען אַמאָליקע מער אָדער ווייניקער פאַרברענטע פאַלעסטינצעס. דער אויסגעוועבטער פאַלעס־טיניזם האָט געגעבן פון זיך די נאַציאָנאַליסטישע ריחות אין דעם סאָציאַ־ליסטישן בוקעט. די שמעקנדיקע נאַציאָנאַלע יידישקייט האָט אין גרונט גענומען דאַמאָלט אַזוי ווייניק געוווסט, וואָס זי וויל און וואָס זי זוכט, ווי רחמנא ליצלן היינט. דער אונטערשיד איז נאָר אין דעם, דאָס היינט לאַכן גוטע פריינט פון דער יידישקייט, בשעת דאַמאָלט האָבן שונאים פאַר איר אַ ביסל מורא געהאַט. ווער וויים, אפשר וואָלטן שונאים דאַמאָלט מער גרונט געהאַט צו לאַכן איידער מורא צו האָבן, וואָרום דידאָזיקע נאַציאָנאַלע יידישקייט לאַכט און וויינט צום סוף פון זיך אַליין. די סאָציאַליסטיש־נאַציאָנאַליסטישע שטימונג דאַמאָלסט וואָלט זיך באַלד געקענט אויסוועבן און אויסלופטערן, און מגולגל ווערן מיט האַרצווייטאָג אין קאָסמאָפּאָליטישן סאָציאַליזם מיט יידישקייט על פי אונס. דידאָזיקע שטימונג איז אָבער מגולגל געוואָרן אין עטוואָס אַנדערש און איז געוואָרן דער אויסגאַנגס־פּונקט פון נייע אידעאָלאָגישע און פּאַרטיי־שפּאַלטונגען און קאַמפן דורך די צוויי גרויסע היסטאָרישע געשעענישן אין יידישן פאָלק, דעם אויפטרעטן פון דעם פּאָליטישן ציוניזם און דער גרינדונג פון „בונד״, וועלכע זיינען ביידע פאָרגעקומען אין איין צייט, אין סעפּטעמבער 1897.

דער ציוניזם, וועלכער האָט געגעבן דעם יידישן נאַציאָנאַליזם אין דער שטאַטס־אידייע דעם העכסטן אויסדרוק, איז אָבער געבליבן ליגן פּאָליטיש און קולטורעל אין יידישן מיטל־אַלטער. דער „בונד״ האָט געגעבן דער יידישער רעוואָלוציע דורך דער גרינדונג פון אַ יידישער סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי איר שענסטע געשטאַלט, האָט אָבער נישט געהאַט דעם מוט אינגאַנצן אַראָפּצוואַרפן פון זיך די אַסימילאַציאָנס־שמאַטעס פון דער יידישער בורזשואַזיע. דער ציוניסט וועלכער איז אין זיין פּראַזעאָלאָגיע „אַרויסגעצויגן פון גוי׳ישן גלות״ עם כל ישראל אחיו אין ארץ־ישראל, און איז אין ווירקלעכקייט געפאַלן כורעים פאָליטיש פאַר די האַרן פון גלות, איז געווען סאָציאַל־שטומפּ צו כל ישראל אחיו, איז געווען אַ משונה׳דיקע בריה, פול מיט ווידערשפּרוכן. דער בונדיסט, וועלכער האָט גערעדט פון דער יידישער רעוואָלוציע מיט איר ענדציל — די פרייהייט פון מסחר פאַר כלל ישראל אין דער גלות־בלאָטע,* איז געווען נישט ווייניקער אַ ווונדער־

* דער „בונד״ האָט געזען די פולע לעזונג פון דער יידן־פראַגע

לעכע באַשעפעניש. די רעוואָלוציע פון „בונד“ און דאָס לאַנד פון ציוניזם האָבן אַלס צוויי שעפערישע אידייען געמוזט פירן צו אַ נייער אידעאָלאָגישער און געזעלשאַפטלעכער שאַפונג, צו אַ העכערן סינטעז. דער לופטיקער אַרימענקער, נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער געדאַנק האָט זיך דאָ דערזען פאַר העכערע פראָבלעמען און גרעסערע פערספעקטיוון. ער איז פאַרשוווּנדן אין זיין באַשרענקטקייט און זיין פלאַץ האָבן פאַרנומען די נייע ערנסטערע און טיפערע זוכענישן נאָך אַ סינטעז צווישן סאָציאַליזם און ציוניזם — די אידעאָלאָגישע־קאַמפן פאַר דעם סאָציאַליסטישן ציוניזם. עס האָט זיך אָנגעהויבן יענע שטורמישע עפּאָכע פון דער יידישער אינטעליגענץ, אין וועלכער עס זיינען אַנטשטאַנען פּראָגראַמען, טעאָריען, גרופּן, פּאַרטייען, שפּאַלטונגען, פאַרייניקונגען, און וועלכע זוכן עד היום נאָך זייער לעצטע פּאַרטײַנע און פּראָגראַמאַטישע אָפּשליסונג, אָבער וועלכע קענען אַלע צוזאַמענגעפאַסט ווערן מיט דעם איין געמיינשאַפטלעכן וואָרט: סאָציאַליסטישער ציוניזם.

שריפטן, ערשטער טייל.

---

אין דער אָפּשאַפונג פון די בירגערלעכע באַגרענצונגען פון די יידן אין רוסלאַנד און קודם־כל, אינם אָפּשאַפן דעם „תחום המושב“, וואָס וועט זיי דערמעגלעכן זיך צו צעשפּרייטן אין גאַנץ רוסלאַנד און זיך באַשעפטיקן מיט אַלץ, וואָס זיי ווילן.

# נ. סירקין / צו דער געשיכטע פון סאציאליסטישן ציוניזם

1.

דער ציוניזם און דער „בונד" האָבן אָנגעטראָפן שוין איינציקע נאַציאָנאַליסטן־סאָציאַליסטן און אַ שטיקל נאַציאָנאַליסטיש־סאָציאַ־ליטישן סענטימענט אין דער יידישער אינטעליגענץ, וועלכער איז אָבער געווען נאָך גאַנץ אומקלאָר און אומזיכער. דיזע שטימונג האָט זיך געמוזט איצט אָנהויבן צו פאָרמירן, ווייטער צו אַנטוויקלען, זיך קלאָר צו מאַכן איר באַציאונג צו די נייע דערשיינונגען, און איז אַריינגעפאַלן, פאַרשטייט זיך, אין דעם קעסל־גרוב פון קאַמפן, מאַטערנישן, איינזייטיקייטן, שוואַנקונקען, האָפנונגען, צווייפל און פאַרצווייפלונגען. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די חבלי־לידה, די גע־בורטס־ווייען פון דעם סאָציאַליסטישן ציוניזם.

אויף דעם ערשטן ציוניסטן־קאָנגרעס אין 1897 אין באַזעל, זיינען זיך צענויפגעקומען אַ גאַנץ היפשע צאָל פון סאָציאַליסטן־נאַציאָנאַליסטן פון פאַרשידענע אוניווערזיטעטס־פּלעצער און, גע־וויינלעך, פון פאַרשידענע קאָלירן. — — —

מיט דעם הייליקן געפיל פון אַ היסטאָרישער פאַרוואונדערונג זיינען זיך צונויפגעקומען אַן ערך 200 מענטשן צום קאָנגרעס, וועלכע זיינען פון קיינעם נישט געשיקט געוואָרן, ווייל עס זיינען גאָרנישט געווען דאַמאָלט קיין ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס.

די 200 „דעלעגאַטן", פון וועלכע אַ העלפט זיינען געווען סטודענטן, האָבן אָפּגעהאַלטן אין דעם קליינעם זאַל פון דעם באַזעלער קאַזינאָ דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס און געגרינדעט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע.

אויף דעם ערשטן קאָנגרעס איז זיך צונויפגעקומען אַ קרייז פון נאַציאָנאַליסטן־סאָציאַליסטן פון פאַרשידענע מינים. ד"ר פאַרב־שטיין און ד"ר בירנבוים *, פון וועלכע דער ערשטער איז

* ד"ר נתן בירנבוים — באַקאַנט געווען אויך מיט זיין פּסעוו־

אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישער רעפּרעזענטאַנט אין דער שווייץ, און דער צווייטער איז אַ ראַדיקאַלער נאַציאָנאַליסט, האָבן געהאַלטן רעפעראַטן אויף דעם קאָנגרעס. ד״ר לאַנדאו וועלכער איז דאַמאָלסט ווייניקסטנס געווען אַ סאָציאַליסט, איז געווען הערצלס רעכטע האַנט און דער רעדאַקטאָר פון דער „וועלט״.*) עס זיינען געקומען ראַדיקאַלן פון בערלין, מאָנפּעליע, ציריך, בערן, און די קליינע גאַלערי איז באַשטאַנען כמעט אינגאַנצן פון אייגענע חברים פון די קאָלאָניעס, כאָטש נעם און דערקלער גלייך די סאָציאַלע רעוואָלוציע אין ציוניזם.

אָבער די אַלע ראַדיקאַלן האָבן זיך אויף דעם קאָנגרעס עפנטלעך נישט באַטייליקט מיט זייער סאָציאַליזם. עס איז געווען דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציאָנס־קאָנגרעס, וואָס זיין אָנהויב און זיין סוף איז געווען דער ציוניזם, די „עפנטלעך־רעכטלעך געזיכערטע היימשאַפט אין פּאַלעסטינע״ **.

דערפאַר אָבער זיינען אויסערהאַלב פון דעם קאָנגרעס גע־שטיגן הויך די כוואַליעס פון דער דיסקוסיע וועגן ציוניזם־סאָציאַ־ליזם. און די כוואַליעס האָבן זיך שפּעטער פאַרשפּרייט בכל תפוצות

---

דאָגים מתתיהו אחר — איינער פון די פאַרשפּרייטער פונם יידישן נאַציאָנאַלן געדאַנק צווישן דעם מערב־אייראָפּעישן יידנטום. אין 1885 האָט ער אַרויסגעגעבן אין דער דייטשער שפּראַך די צייטונג „זעלבסטעמאַנציפּאַציאָן״, וועלכע האָט געוועקט דעם יידישן באַוווסטזיין. אַ גרינדער פונם סטודענטן־פאַריין „קדימה״, אין וועלכן ער האָט צוזאַמען מיטן שרייבער פּרץ סמאָלענסקין, אַריינגעבראַכט דעם נאַציאָנאַלן געדאַנק. אין 1893 האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ פּראָקלאַמאַציע „די אויפלעבונג פון יידישן פאָלק אין זיין לאַנד״. ער איז צוגעשטאַנען צום פּאָליטישן ציוניזם. שפּעטער, איינער פון די שעפער פון דער יידישיסטישער באַוועגונג. ביים סוף פון זיין לעבן האָט ער „חוזר־בתשובה״ געווען און זיך דערנענטערט צו „אגודת־ישראל״.

* אַ וואָכנבלאַט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, געגרינדעט דורך הערצלען אין 1897.

** דער ציל פון ציוניזם, ווי ער איז פאָרמולירט געוואָרן אויפן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, 1897.

ישראל, ווו די יידישע אינטעליגענץ לייענט ביכלעך און זוכט דעם אמת. די נייעס איז אָבער באַשטאַנען אין דעם, וואָס די דיסקוסיע איז גלייך געשטעלט געוואָרן נישט מער אונטער דעם טיטל נאַציאָ־נאַליזם־סאָציאַליזם, נאָך אַ סך קלאָרער און קאָנסעקווענטער: ציוניזם־סאָציאַליזם.

ווו זאָלן זיך איצט אַהינטאָן די נאַציאָנאַליסטן־סאָציאַליסטן, בשעת דער יידישער נאַציאָנאַליזם האָט באַקומען זיין אויסדרוק און אָרגאַניזאַציע אין בורזשואַזן ציוניזם, און דער יידישער סאָציאַליזם האָט אויפגעלעבט אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג? וואָס פאַר אַ סמיכות הפרשה האָט דער סאָציאַליסט מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג און אָרגאַניזאַציע און וואָס קען ער דאָרטן אויפטאָן מיט זיינע צען קלאַסן־קאַמף־פינגער, ווען דער ציוניזם ליגט דאָך סוף כל סוף אין די הענט פון גוישע קיסרים און יידישע מיליאָנערן? און אויב דער סאָציאַליסט זאָל שוין גובר זיין דעם יצר הרע און זיך שטעלן אונטער דער בלוי־ווייסער פאָן פון ציון, טאָ וואָס זשע וועט ער זאָגן דעם יידישן פראָלעטאַריאַט? די האַרבסטע קשיא איז דאַמאָלט באַשטאַנען אין דעם, ווי קען מען פריידיקן דעם אַרבעטער פון איין זייט קלאַסן־קאַמף קעגן די יידישע בורזשואַזיע, און פון דער אַנדערער זייט ציוניזם בשותפות מיט דער יידישער בורזשו־אַזיע? דאָס זיינען געווען די פראַגן, וועלכע האָבן דאַמאָלסט גע־האַלטן אין אויפרעגונג די קרייזן פון ראַדיקאַלע נאַציאָנאַליסטן און יידישע סאָציאַליסטן, אין וועלכע איך בין געשטאַנען. פון גרינדן אַ נייע פאַרטיי מיט אַ נייעם פּראָגראַמאַטישן אינהאַלט, בעת דער ציוניזם און דער „בונד" זיינען נאָך ערשט געלעגן אין די ווינדעלעך, דערפון האָט, נאַטירלעך, דאַמאָלט קיינער נישט גע׳חלום׳ט.

די פּאָליטישע צוגעהעריקייט פון דעם אינטעליגענט ווערט באַשטימט אַ חוץ פון זיין בילדונג און טעמפּעראַמענט, פון זיין מוח און האַרץ, נאָך פון דעם אויף וויפיל די אָדער יענע פאַרטיי העלפט באַפרידיקן זיינע גייסטיקע און מאָראַלישע אינטערעסן.

דער ציוניזם מיט זיין בורזשואַזער בעלי־בתישער קליינקעפּל־

דיקייט און די זיבן מאָס רעאַקציאָנערקייט, וועלכע ער האָט צונויפגעשלעפט פון אומעטום, ווו ער האָט זיך געקערט און געווענדעט, האָט ביי די ציוניסטיש־געשטימטע סאָציאַליסטן נישט געפונען קיין גרויסן חן. זיי האָבן זיך באַלד געלאָזן שווימען מיט דעם שטראָם פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וועלכע האָט שוין אָנגעהויבן שטורמען אין רוסלאַנד, און האָבן באַלד אָנגעהויבן פונאַנדערברייטערן זייער שטאַרקן נאַציאָנאַלן אינסטינקט אויף נישט געשטויגענע און נישט געפלויגענע קריטיק פון ציוניזם און בונדיסטישע יידישקייט. מיט דעם ציוניזם פון די סאָציאַליסטן האָט עס געהאַלטן שמאָל. נאָך שמעלער האָט עס געהאַלטן מיט דעם סאָציאַליזם פון פיל ראַדיקאַלע נאַציאָנאַליסטן. דער ציוניזם האָט ווי אַ כאַפּ געטאָן אונטער זיינע פליגלען און פליענדיק מיט זיי איבער אַלע רוחות פון דיפּלאָמאַטיע, יידישקייט, יידיש־רעוואָלוציאָנערע טועכצן האָט ער ביי זיי אויסגעלופטערט דעם לעצטן רעשטל פון פאַר׳גנב׳עטן סאָציאַליזם אָדער אַנאַרכיזם. אַלץ מער און מער האָבן זיך פונאַנדערגעשידן ציוניזם און סאָציאַליזם און אויפגעשטעלט איינער קעגן דעם אַנדערן זייערע פייער־שפייענדע קאַנאָנען.

אַן אינווייניקסטער אינסטינקט און אַ טיפע איבערצייגונג פון אַ העכערן אמת האָבן מיר דאַמאָלט געגעבן דעם מוט אָנצוהויבן פריידיקן דעם סאָציאַליסטישן ציוניזם און שטעלן זיך קעגן דער גאַנצער יידישער אינטעליגענץ.

און אויב אין דעם קאָפּ פון איין מענטשן קען די אידייע פון אַ יידישן לאַנד און דער יידישער רעוואָלוציע זיך פאַרייניקן צו דער שענסטער האַרמאָניע, טאָ פאַרוואָס קען דאָס נישט ווערן דער לעבעדיקער שעפערישער געדאַנק פון דער גאַנצער יידישער אינטעליגענץ, פון דעם גאַנצן יידישן המון? דער שפּאָט און די איראָניע, די וואַפן פון אַלע קליינקעפּלדיקע און פּוסטע סטאַדן מענטשן, דאַרפן געשטעלט ווערן נישט אויף דעם חשבון פון דער צייט. איך האָב דאַמאָלט איבערגענומען אויף זיך די אומדאַנקבאַרע אויפגאַבע צו זיין אַ סאָציאַליסט צווישן ציוניסטן און אַ ציוניסט צווישן סאָציאַליסטן,

און, עס פאַרשטייט זיך, דאָס יעדער צד האָט זיך געווערט מיט די הענט און די פיס, און מיך אָפּגעשיקט — צו דער צד שכנגד.

ווי עס פירט זיך אין דער זינדיקער וועלט, הויבט מען אָן יעדע נייע אידייע מיט אַ רעפעראַט. מיין ערשטן פאַרזוך פון אַ סינטעז צווישן ציוניזם און סאָציאַליזם, סאָציאַליסטישן ציוניזם, האָב איך געבוירן אין אַ רעפעראַט, ־וועלכן איך האָב געהאַלטן אין ציריך אין 1898, אין דעם ציוניסטישן פאַריין „העסיאַנאַ״ *).

אין ציריך איז דער רעפעראַט אַראָפּגעגעאַנגען ניש׳קשה. דער רעפעראַט איז געווען געשריבן אין דער דייטשער שפּראַך און עס זיינען געקומען אַ גאַנצער קרייז פון דייטשע אַנאַרכיסטן, פאַר וועלכע, כידוע, קיין אידייע פון ילוד אשה איז נישט פסול, אַזוי דאָס די רוסישע „קאָלאָניע״ האָט זיך אויסגעצייכנט דאַמאָלט מיט צוויי מעלות, אי זי האָט דעם רעפעראַט נישט פאַרשטאַנען, אי זי האָט זיך געשעמט צו דיסקוטירן פאַר גויים. דערפאַר אָבער האָט זיך דערזעלביקער רעפעראַט אין בערן געענדיקט מיט אַ קאַטאַס־טראָפע. דער טייל פון פובליקום, וועלכער האָט דעם רעפעראַט נישט פאַרשטאַנען, און הפנים דאָס עס איז געווען אַ גאַנץ היפּשער טייל אַזעלכער, האָט אָנגעהויבן צום סוף פון רעפעראַט, אַנשטאָט פאַטשן בראַוואָ, צו שרייען בקול רם: „בורזשוא!״. „בורזשוא!״ האָט געהאַט דאַמאָלס אַ דאָפּלטע באַדייטונג, אָדער דאָס פלעגט מיינען: דו ביזט אַ פאַרך, אָדער דאָס פלעגט מיינען: איך פאַרשטיי נישט וואָס דו רעדסט.

אָפּטענה׳נדיק זיך צוריק מיט מיינע קעגנער אין „דעם לעצטן וואָרט״, האָב איך זיך געסטאַרעט אויסצוטייטשן דעם רוף „בורזשוא״ אין דעם צווייטן זין. אָבער צי האָב איך געהאַט אַ דערפאָלג אין דעם, ווייס איך אייגנטלעך עד היום נישט.

דעם רעפעראַט, וועלכן איך האָב געהאַלטן אין ציריך און בערן מיט אַ פאַרשידענעם מזל, האָב איך באַלד דאַרויף, אונטער

---

* אויפן נאָמען פון משה העס.

דעם נאָמען „די יידן פראַגע", אָפּגעדרוקט אין דער גרעסטער סאָציאַליסטישער מאָנאַטשריפט אין יענער צייט „דייטשע וואַרטע", וועלכע איז דערשינען אין ווין. דער רעדאַקטאָר פון די „דייטשע וואַרטע" איז געווען פערנערסטארפער, דער איצטיקער וויִיס־פּרע־זידענט פון דעם עסטרייכישן פּאַרלאַמענט, מיט וועלכן איך האָב געהאַט נאָך פון פריערדיקע יאָרן אַ פאַרבינדונג אַלס מיטאַרבעטער פון די „דייטשע וואַרטע". שפּעטער האָב איך באַאַרבעט דעם אַרטיקל אין אַ באַזונדער בראָשור אונטער דעם נאָמען: „די יידן־פראַגע און דער סאָציאַליסטישער יידנשטאַט".

אַזוי האָב איך צום ערשטן מאָל אַרויפגעבראַכט דאָס פּראָבלעם פון דעם סאָציאַליסטישן ציוניזם אין דער אייראָפּעאישער סאָציאַ־ליסטישער ליטעראַטור, — מיט וואָס פאַר אַ דערפאָלג, וועלן מיר זען שפּעטער.

2.

מיין אַרטיקל אין די „דייטשע וואַרטע", ווי אויך מיין בראָ־שור „די יידן־פראַגע און דער סאָציאַליסטישער יידנשטאַט", איז אַרויסגעגאַנגען פון דער יידישער נאַציע אַלס גאַנצעס און האָט באַהאַנדלט דאָס יידישע פּראָבלעם פון געשיכטס־פילאָזאָפישן און פּאָליטישן שטאַנדפונקט. די טעריטאָריאַלע רענעסאַנס פון דעם יידישן פאָלק און זיין אָנשליסונג צו דער רעוואָלוציע און דעם סאָציאַליזם איז געווען דער שלוס־אַקאָרד פון די באַטראַכטונגען וועגן דער יידישער אידייע און לאַגע. אַזוי־ווי עס איז נישט געווען קיין טענדענץ צו באַשאַפן אַ סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע פּאַרטיי, האָט אין יענעם אַרטיקל געפעלט דער אויסגעשפּראָכענער אויס־גאַנגס־פונקט פון די מאַטעריעלע און גייסטיקע אינטערעסן פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט.

דער ערשטער ליטעראַרישער פּאַרזוך צו באַגרינדן דעם סאָ־ציאַליסטישן ציוניזם אין יאָר 1898 האָט נישט אַרויסגערופן קיין מערקבאַרן עכאָ. סאָציאַליסטן־ציוניסטן זיינען דאַמאָלט נישט געווען.

און דער אינטערעס צו אַזעלכע קאָמבינאַציעס איז געווען העכסטנס נאָר וועגן דער קוריאָזער מערקווירדיקייט פון אַזאַ סאָרט איינפאַל. דערצו איז דער אַרטיקל געווען געשריבן אין דייטש און באַרעכנט אויף דאָס דאַמאָלסדיקע ציוניסטישע פובליקום פאַר וועלכע סאָציאַ־ליזם איז געווען אַ ווילדע שרעקנדיקע באַשעפעניש. די יידישע סאָציאַליסטן אין דייטשלאַנד און עסטרייך זיינען, נאַטירלעך, ווייניק וואָס געווען מסוגל אויפצונעמען ציוניסטישע אידייען און קאָרעגירן זייער סאָציאַליזם. זיי זיינען געווען און זיינען על פי רוב געבליבן ביז היינט, כפול׳דיקע אַסימילאַנטן, אי אַלס אַנגעהעריקע צו דער יידישער בורזשואַזיע, אי אַלס אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטן.

גאַנץ אַן שטורעם איז אָבער דער פאַרזוך נישט איבערגע־גאַנגען, און אין אייניקע קרייזן האָט ער אַרויסגערופן אַן אינטערעס און אַ דעבאַטע. שוין אין יאָר 1898, אין דעם ערשטן יאָר פון דעם פאָליטישן ציוניזם, זיינען אַרויסגעוואַקסן אין ווין אַרבעטער־ציו־ניסטן, אָדער בעסער געזאָגט האַנדלס־אָנגעשטעלטע ציוניסטן אונ־טער דער פירונג פון ד״ר לאַנדוי. דאַמאָלט איז לאַנדוי געווען אַ ציוניסט און האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ ראַדיקאַל. איצט איז ערביידע זאַכן נישט. נאָך דעם ווי לאַנדוי האָט געהאַט עפעס אַ שטיקל סכסוך מיט הערצלען האָט ער זיך אַ דריי געטאָן נאָך לינקס און האָט זיך געשטעלט אין דער שפיץ פון אַ ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג מיט אַ קליינינקן זשורנאַל אין דייטש פון 16 זייטלעך אַ מאָנאַט: „דער יידישער אַרבעטער״. סאָציאַליזם איז אין דער „באַוועגונג״ מיט איר זשורנאַל נישט געווען אויף אַ רפואה. פאַר־קערט, דאָרט איז געווען, ווי אין אַלע ציוניסטישע אַרבעטער־פאַריי־נען אין אָנהויב, אַ היפשע פאָרציע קריטיק פון סאָציאַליזם און יידישער רעוואָלוציע בכלל. אויפגעקליבן האָט זיך די „באַוועגונג״ פון אַ ביסל טראַדיציאָנעלע האַנדלס־אָנגעשטעלטע, פון אַ פּאָר אינטעליגענטן מרי־נפש, וועלכע האָבן געהאַט אַ שלעכטן אָפּשניט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. פון די קרייזן וואָלט זיך אָבער געקענט אויסבילדן אַ קערנדל פון באַוווסטזיניקערע עלעמענטן פאַר

אַ שפּעטערדיקער פּאַרטיי־בילדונג, ווען דער גאַנצער שטורעם אין גלאָז וואַסער וואָלט זיך נישט אויסגעשטורעמט אין אַ פּאָר חדשים, נאָך דעם ווי ד״ר לאַנדוי האָט זיך צוריקגעצויגן פון אַלע באַוועגונגען בכלל. פון דעם דייטשישן „יידישן אַרבעטער״ זיינען אַרויסגעקומען, אויף וויפיל איך געדענק, אַ פינף נומערן, און מיין אַרטיקל און בראָשור האָבן געפונען דאָרט אַ ברייטע רעצענזיע. — — —

באַלד האָט אָנגעהויבן צו ברויזן אַ גאַנצער ים פון סאָציאַ־ליסטישער קריטיק קעגן דעם ציוניזם, און, פאַרשטייט זיך, אויך קעגן זיין סאָציאַליסטישן שטיף־קינד. דער יידישער סאָציאַליזם פון אַלע קאָלירן האָט דערקלערט באַלד קריג דעם ציוניזם און האָט אין אים אָנגעהויבן וואַרפן גיפטיקע פיילן, וועלכע פלעגן אָפּשפּרינ־גען פון דער גלאַטער הויט פון דעם ציוניזם, און טרעפן אָבער אין דעם האַרצן פון די סאָציאַליסטן־ציוניסטן.

ווי דער ציוניזם האָט זיך אָרגאַניזירט אַלס אַ באַוועגונג, האָט ער אָנגעהויבן „טאָן״, און טאָן הייסט ביי דער יידישער בורזשואַזיע זיין אַ געטרייער אונטערטאַן. וואָס איז יידישע פּאָליטיק, פּאָליטישער ציוניזם עטוואָס אַנדערש ווי זיין טרייע אונטערטאַנען און גיין צו די „האַרן״ פון דער וועלט מיט דעם יידישן אדוני מלך? דער פּאָלי־טישער מאַכטלאָזער ציוניזם האָט זיך גענומען פאַר שתדלנות, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסצווייזן די מיאוס־קאָמישע זייט פון דעם ציוניזם. וואָס הערצל האָט מיט איין האַנט אַלס פּאָליטישער טוער און ווייט־זעער פון צוקונפט געשאַפן און אויפגעטאָן, האָט ער מיט דער אַנדער האַנט, אַלס דיפּלאָמאַטישער שתדלן, פאַרוואַנדלט אין אַ קאַריקאַטור. עס האָט זיך אָנגעהויבן די סדרה פון דער ציוניס־טישער דיפּלאָמאַטיע, וועלכע האָט דעם ציוניזם אַלץ מער און מער געשטופּט אין דעם יידישן מיטל־אַלטער, און אין דער יידיש־בורזשו־אַזער מיאוסקייט. דער ציוניזם, וועלכער האָט געפּריידיקט די באַ־פרייאונג פון דער יידישער נאַציאָן אין דער צוקונפט, איז געוואָרן אַ באַוועגונג צוליב דער פאַרנאַרעשונג און פּאָליטישער פאַרפינצ־טערונג פון דער יידישער נאַציאָן אין דער קעגנוואַרט.

הערצל, וועלכער איז געווען נאָך זיין לאַגע אַ פּיאָנער, טאַלאַנטפולער זשורנאַליסט, האָט געהאַט פאַרבינדונגען וועלכע זיינען נישט געגאַנגען ווייטער ווי די ליטעראַרישע וועלט און געוויסע קרייזן פון דער בורזשואַזיע. אַלס פירער פון אַ יידישער באַוועגונג האָבן זיך ממילא די פעדים פון זיינע פאַרבינדונגען אָנגעהויבן שפינען ווייטער; זיין פערזענלעכקייט און זיין אידייע האָבן באַקומען אַ געוויסן צויבער, און דאָס האָט אים געשאַפן נייע פאַרבינדונגען אין דער וועלט. הערצל האָט נישט געהאַט קיין שום פּלאַן פון זיין דיפּלאָמאַטיע, ער האָט געקלאַפּט אין דער טיר, וועלכע האָט זיך פאַר אים צופעליק געעפנט, און האָט דערביי אָבער געהאַט דעם ריכטיקן געפיל, דאָס זיין יידישער עולם וועט קלייבן נחת פון יעדער שטיקל ולפני מלכים יתיצב. די ערשטע קאָרט האָט אַרויסגעצויגן דער אוהב ישראל, ווילהעלם דער צווייטער. די מעשה איז געווען אַזוי: אין דער ענגלישער געזאַנדשאַפט אין ווין איז געווען אַ פאַסטאָר, אַ ציוניסט, מיט, ווי געוויינלעך, אַ שטיקל קריסטלעכע פּניה. דער פאַסטאָר איז געווען אַ דערציער אין דעם הויף פון דעם גרויסהערצאָג פון באַדען, וועלכער איז אויך געווען אַ פּרומער פּראָטעסטאַנט, און, פאַרשטייט זיך, ביבלישער ציוניסט. דער גרויסהערצאָג פון באַדען איז געווען אַ נאָענטער קרוב, אַ מחותן מיט דעם דייטשן קיסר, וועלכער האָט אין זיך אפשר אַלע מעלות, נאָר קיין ביבלישער ציוניסט איז ער נישט. אָט האָט איר די פאַרבינדונגען צווישן דער יידישער גאולה און ווילהעלם דעם צווייטן. פון הערצלען צום פאַסטאָר אין ווין איז אַ האָזן־שפּרונג, און דורך דעם גרויסהערצאָג אין באַדען עפענען זיך פאַר דער כנסת ישראל די קיסר־לעכע טירן. — — —

ווי הערצל האָט אָנגעהויבן פאָרצובערייטן זיין אוידיענץ ביי דעם דייטשן קיסר אין ירושלים דורך די פאַרבינדונגען, אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּויקן־קלאַפּעריי לכבוד ווילהעלמען אין דער ציוניסטישער פּרעסע, און באַזונדערס אין זיין „די וועלט". די יידישע וועלט האָט פון די געפלאַנעוועטע געשעענישן נאַטירלעך

גאַרנישט געוווּסט, אָבער הערצלס „וועלט" האָט אָנגעהויבן זינגען מזמורים און שירים ותשבחות פאַר ווילהעלמען, אַזוי־ווי ער וואָלט זיך געהאַלטן ביי מגייר זיין. מען האָט אים פאַרגליכן מיט אַלעקסאַנדער מוקדון, וועלכער איז אויף אַן אָדלער מיט אַ שפּיז און אַ שטיק פלייש אין דער הויך געפלויגן אויף די הימלען, און מיט אַלע גרויסע בריות פון דער וועלט־געשיכטע, אַלץ נאַטירלעך מיט דעם מיין אַרויסצוקריגן פון אים אַ שטיקל גאולה. אָרימער קיסר, נעבאַך, האָט עס דיך די קלוגע ציוניסטישע דיפּלאָמאַטיע געוואָלט אין אַ זאַק אַריינגאַרן, ווען נישט זכות־אבות פון די האָהענצאָלערן וואָלטן דיר נישט בייגעשטאַנען!

ווילהעלם דער צווייטער האָט קיין יידנשטאַט נישט אויפגעבויט, אפילו נישט נאָך דעם ווען הערצל האָט זיך מיט דעם גאַנצן אַקציאָנס־קאָמיטעט פאָרגעשטעלט פאַר אים אין ירושלים און די שילער פון מקוה־ישראל האָבן געזונגען דאָס דייטשע נאַציאָנאַל־ליד. דיפּלאָמאַטיש איז, נאַטירלעך, געווען דער רעזולטאַט דערפון, דאָס די טערקישע רעגירונג האָט נאָך מער פאַרשאַרפט דאָס געזעץ קעגן די יידישע איינוואַנדערונג אין פּאַלעסטינע. ביי יידן האָט אָבער די שטיקל דיפּלאָמאַטיע יאָ געהאַט גרויסע רעזולטאַטן. הערצלס אויטאָריטעט איז ביי דער יידישער בורזשואַזיע, באַזונדערס אין מערב־אייראָפּע שטאַרק געוואַקסן, און די דייטשע יידן האָבן אָנגעהויבן קוקן אויף דעם ציוניזם מיט אַ שטיקל רעספּעקט, ווי אויף אַ זאַך וואָס האָט אַ שטיקל שייכות מיט דער מאַיעסטעט. דערפאַר, פאַרשטייט זיך, האָט זיך ביי דער יידישער יוגנט, אינטעליגענץ, און ביים אַרבעטער־קלאַס אָנגעהויבן אַלץ מער און מער אָנזאַמלען די שנאה און פאַראַכטונג צום ציוניזם, וועלכער האָט אויף יאָרן אויפגעהאַלטן און פאַרשווערט דאָס אַריינדרינגען פון דער ציוניסטישער אידייע אין דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט און דער פאָלקס־מאַסע. פאַר דעם סאָציאַליסטישן ציוניזם איז אַקוראַט ווי מיט אַ כוונה באַשאַפן געוואָרן דורך דעם גאַנג פון דעם ציוניזם גופא אן אונמעגלעכע אַטמאָספערע אין וועלכער עס איז אים

אויסגעקומען צו פירן אַ שווערן, ביטערן קאַמף פאַר זיין ביסל עקזיסטענץ.

3.

אין דעם ערשטן יאָר פון דעם ציוניזם, צווישן דעם ערשטן און צווייטן קאָנגרעס, האָט די ציוניסטישע באַוועגונג שוין אָנגענומען איר געשטאַלט. אין מערב־אייראָפּע האָט זיך אָנגעהויבן אָנצושליסן אין דעם ציוניזם די אינטעליגענץ און בורזשואַזיע, אין וועלכע די אַסימילאַציע האָט נאָך נישט אויסגעלאָשן אַלע פונקען פון טראַדיציאָנעלער יידישקייט. פאַר די שטודירנדע יוגנט איז דער ציוניזם געוואָרן איבערהויפּט די איינציקע פאָרם פאַר איר אָרגאַניזאַציאָנס־באַדערפניש. אין מזרח־אייראָפּע, אין דעם צענטער פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, האָט די יידישע פאָלקס־נשמה אַ ציטערגעטאָן פון פרייד און דערוואַרטונג פון דער ציוניסטישער בשורה. אומעטום ווו דער יידישער גייסט האָט געלעבט און געוועבט, האָט דער ציוניזם דערוועקט די קוואַלן פון נאַציאָנאַלער ענערגיע. דער אָרגאַניזאַטאָרישער עלעמענט איז אָבער געוואָרן דער בעל־בתישער משכיל, דער בורזשואַזער אינטעליגענט, דער האַלב־טראַדיציאָנעלער סטודענט, וועלכע זיינען נאָך געלעגן ראשם ורובם אין יידישקייט. פאַר דערדאָזיקער אינטעליגענץ איז נאָך געווען דעם ציוניזם דער ערוי־מקלט פון אַלע געפּערלעכע פּאָליטישע באַוועגונגען, וועלכע האָבן זיך דאַמאָלט פונאַנדערגעקאָכט אין רוסלאַנד. האַלבע אינטעליגענטלעך, סטודענטן מיט יידישע נשמות און אַ פּראַקטישן קוק אויף דער וועלט, צוקונפטיקע טוער, קאַזיאָנע רבנים און נאָך אַזעלכע פאַרשוינען האָבן זיך אַ וואָרף־געטאָן בקולות וברקים אויף ציון, און דערווייל אַנטרונען פון די בייזע כוואַליעס פון דער רוסישער רעוואָלוציע. פון דער אָרגאַניזירטער ציוניסטישער באַוועגונג האָט זיך באַלד אָנגעהויבן הערן דער משכיליש־בעל־בתישער בורזשואַזער ריח מיט אַלע זיינע האַרציקע פאַרפומען. די אַטמאָספערע פאַר די ערשטע שפּראָצונגען פון דעם סאָציאַליסטישן ציוניזם איז געווען אַ שטיקנדיקע.

אויף דעם צווייטן קאָנגרעס האָט זיך שוין די פיזאָנאָמיע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג קלאָר אַרויסגעוויזן. עס האָבן זיך אויפגעקליבן אין באַזל שיינע נגידים, וועלכע זיינען אַראָפּגעפאָרן פון די קור־ערטער אַ קוק־טאָן אויפן ציקאַווּעס, זיידענע יונגע רבנים, לשון־קודש־שרייבער, דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן, וועלכע זיינען חלילה נישט געכאַפּט געוואָרן פון סאָציאַליזם. הקיצור אַלע עשרת בני המן מיט די פרשנדתא׳ס און ויזתא׳ס. אויבן־אָן האָבן זיך אַוועקגעזעצט פּערוואָגילדיעס *), שיינע מַלוּים. אויף דער בינע האָט מען געמאַכט אַ הסבה־בעט פאַר רבנים מיט לאַנגע זשיפּעצעס, חזנים, מגידים, וואָרום דעם אייראָפּייער הערצל האָט זיך געוואָלט, דאָס דער קאָנגרעס זאָל האָבן אַ שטיקל אָריענטאַלישעס אויסזען. דאָך האָבן אויף דעם קאָנגרעס געשוועבט אויך סאָציאַליסטישע ווינטן. אַלס דעלעגאַטן זיינען געווען אייניקע סאָציאַליסטן נאָך פון דעם ערשטן קאָנגרעס, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען דאָס מאָל נאָך בערנאַרד לאַזאַר, דער באַרימטער פראַנצויזישער אַנאַרכיסט און ליטעראַט. די גאַלעריעס זיינען געווען איבערגעפילט מיט סטודענטן און סטודענטקעס, וועלכע זיינען געשטאַנען אין קאָסמאָפּאָליטישן סאָציאַליסטישן לאַגער, און אין וועלכע עס האָט אָבער געלעבט טיילווייז אַן ערלעכעס געפיל פאַר דאָס יידישע פאָלק, פון דער יוגנט זיינען אין די שפּעטערדיקע יאָרן אַרויסגעוואַקסן נישט ווייניקע סאָציאַליסטישע ציוניסטן.

לויט הערצלס רעכענונג האָט דער צווייטער קאָנגרעס געד־דאַרפט ווייזן פאַר דער וועלט די שטאַרקייט פון דעם ציוניזם און געזאָלט אַזוי צו זאָגן געבן הערצלען דעם מאַנדאַט פון יידישן פאָלק, דאָס די טויערן פון ווילהעלמס קייזערלעכן פּאַלאַץ זאָלן זיך פאַר אים ווייט און ברייט עפענען. טוט זיך אָבער אַ דריי דאָס בלינדע ראָד פון דער וועלט־געשיכטע, און בשעת די פּערוואָגילדיעס קאָנ־גרעסעווען, ברענגען די צייטונגען די ידיעה, דאָס ניקאָלאַי דער

---

*) סוחרים פון דער ערשטער מדרגה.

צווייטער *) ווייל דערלייזן די אומגליקלעכע מענטשהייט פון מלחמות און ברענגען די וועלט דעם אייביקן פרידן. דער בלוטיגער צאַר האָט אַרויסגעלאָזן זיין אוקאַז וועגן דער צונויפּרופונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פרידנס־קאָנפערענץ. זיינען יידישע קאָנגרעס־דיפּלאָמאַטן מיט די גוטע קעפּ געפאַלן אויף אַ שפּיצל, וויבאַלד אַז דו ניקאָלאַיקע ביזט שוין יאָ אַזאַ איידעלער מענטש און גיסט אַרויס אַן אוקאַז וועגן דעם אייביקן פרידן, צי איז נישט אַ סברא, דאָס דו זאָלסט זיך אויך אָננעמען פאַר ישראליקס קריוודע און טאַקע נישט פוילן זיך און מאַכן אַ יידישע מלוכה. אַ דעגעטאָ, עפּעס אַ שטיקל פּאַריזער רעפּאָרטער פון רוסישע צייטונגען, רעדט זיך דורך וועגן דעם געניאַלן פּראָיעקט מיט הערצלען, הערצל כאַפּט זיך אָן ווי אָן אַ הייסן שטיין, און באַלד ווערט פאָרגעשלאָגן דעם ציוניסטישן קאָנגרעס פון דער אונטערדריקטער נאַציע, וועלכע וויל זיך באַ־פרייען פון דעם צאַרס יאָך, דאָס דער קאָנגרעס זאָל אַריינשיקן אַן אונטערטעניקייטס־טעלעגראַם דעם צאַר ניקאָלאַי, כדי פאַרשטייט מען, ער זאָל האָבן איידלקייט און אָפּענטפערן צוריק מיט אַ שיינעם שלח־מנות. נאַטירלעך האָט דער פאָרשלאַג אַרויסגערופן אַ ליאַרם און סקאַנדאַל פון זייטן פון די אייניקע סאָציאַליסטן, וועלכע זיינען געווען אין קאָנגרעס. די יידישע יוגנט אויף דער גאַלעריע האָט אַ ציטער־געטאָן וועגן דער נאַציאָנאַלער שאַנדע. אַזוי ווי אַן איינ־שטימיקער באַשלוס פאַר אַ טעלעגראַם וואָלט נישט געקענט דורכגיין און עס וואָלט הלילה געווען אַ חילול־השם, האָט די קאָנגרעס־דיפּלאָמאַטיע דוחה געווען דעם גאַנצן ענין מיט אַן אונטערטעניקער דאַנק־רעזאָלוציע, וועלכע מען האָט אָנגענומען און אַראָפּגעשלונגען בחפזון.

אויב דער וועג פאַר דעם סאָציאַליסטישן ציוניזם איז שוין ממילא נישט געווען אויסגעשפּרייט מיט ראָזן, האָט דער בורזשואַזער ציוניזם ווי מיט אַ ביזון און וועלכע נוצן פאַר זיך פאַרלייגט דעם

* ניקאָלאַי II — דער לעצטער רוסישער צאַר. ער איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן פון טראָן בעת דער רעוואָלוציע אין 1917.

וועג מיט שטעכעדיקע דערנער. ניקאָלאַי דער צווייטער האָט נישט אָפּגעשיקט קיין שלח־מנות און נישט אויפגעבויט קיין יידן־שטאַט, אָבער די גאַנצע יידישע ראַדיקאַלע יוגנט, די אינטעליגענץ, די אַרבעטער האָבן דערקלערט דעם ציוניזם קריג אויף טויט און לעבן. אין דעם ציוניזם האָט דאָס אויפגעקלערטע און רעוואָלוציאָנערע יידנטום דערזען די פּאַרטיי פון דער יידישער בורזשואַזיע און רעאַקציע, וועלכע גייט האַנט אין האַנט מיט די בלוטיקע רעגירונגען. „פאַר דער יידישער פרייהייט און רעוואָלוציע קעגן דעם ציוניזם!" איז געוואָרן באַלד דער קריגס־געשריי אויף דער יידישער גאַס. אין דעם קאַמף־געשריי איז פאַרשטומט געוואָרן אויך דער אמת פון דעם ציוניזם, וועלכער איז אַרויסגעקומען אַזוי אונריין און לעכערלעך פון די טמא׳דיקע ליפּן פון דער יידישער בורזשואַזיע.

דעם רעקאָרד אין דעם קאַמף קעגן דעם ציוניזם און דעם סאָציאַליסטישן ציוניזם האָט געשלאָגן ד״ר ח. זשיטלאָווסקי. ד״ר זשיטלאָווסקי איז געשטאַנען דאַמאָלט שוין אויף יענער זייט פון דעם שוועל פון ציוניזם. אויף וויפל איך דערמאָן זיך, האָט ער געצאָלט אַ שקל און האָט זיך באַטייליקט אין די וואַלן צום צווייטן קאָנגרעס. נאָך דעם צווייטן קאָנגרעס, ווען אַלע ווינטן האָבן אָנגעהויבן בלאָזן קעגן דעם ציוניזם, האָט ד״ר זשיטלאָווסקי אַרויסגעגעבן ביים „בונד" אונטער אַ פּסעוודאָנים אַ בראָשור: „ציוניזם אָדער סאָציאַליזם", וועלכע האָט געזאָלט געבן דעם ציוניזם און דעם סאָציאַליסטישן ציוניזם דעם טויט־קלאַפּ. דער טאָן פון דער בראָשור איז געווען די איינפאַכע קאַריקאַטור־מאַרקסיסטישע דערקלערונג פון דעם ציוניזם. אַזוי־ווי די יידישע בורזשואַזיע ליידט פון דעם אַנטיסעמיטיזם און קען נישט געפינען קיין מאַרק פאַר איר געשעפט און האַנדל, וויל זי מאַכן אַן אייגענע יידישע מלוכה, כדי דאָרטן קענען פירן מסחר אומגעשטערט. איך ווייס נישט, אויב ווער עס איז האָט ווירקלעך געגלויבט אין דער דערקלערונג פון ציוניזם, אָבער פאַר דעם דאַמאָלסדיקן מאַרקסיזם אויף דער יידישער גאַס איז זי געווען אַ פונד־גרוב. ווי טאַקע דערקלערן די גאַנצע זאַווערוכע,

וועלכע האָט זיך פאַרקאָכט דורך דעם ציוניזם? וואָס היצט זיך אַזוי די בורזשואַזיע? וואָס שפּילט מען דאָ אין אידייען? וואָס איז די אמת׳ע פאַרבאָרגענע גרונטלאַגע אין דעם רעש? די גאַנצע מעשה ווערט פשוט דערקלערט דורך די געלט־אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע; הינטער אַלע ציוניסטישע אידעאַלן שטייט באמת נאָר דער רובל, וועלכן די פּערוואָגילדיע וויל פאַרדינען אין דער יידישער מלוכה. די פּאָלעמיק מיט דעם יעמוד־עקאָנאָמיע איז געווען אויף אַ ווייליקע אַ ווירקזאַמער מיטל ביים „בונד״ אין קאַמף קעגן ציוניזם, ביז עס איז געקומען אַן אַנדער טעאָרעטיקער און אויסגעקלערט עפּעס אַן אַנדער זאַך.

די שאַנסן פאַר דעם סאָציאַליסטישן ציוניזם זיינען געווען טרויעריק. די פּאָר סאָציאַליסטן־ציוניסטן פון ערשטן קאָנגרעס זיינען אַנטלאָפן אין „בונד״ אָדער אַנדערע פּאַרטייען. בערנאַרד לאַזאַר האָט פאַרלאָזן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, ווייל ער האָט געגלויבט, דאָס מען דאַרף זוכן די דערנעענטערונג צו די רעוואָ־ליציאָנערע יונג־טערקן און נישט לויפן צו קיסרים. דער ציוניזם איז געוואָרן דער סימבאָל פון רעאַקציע, און זיין אַ ציוניסט איז געווען גלייך ווי זיין אַ פּיינט פון אַלע בעסערע און שענערע אידייען פון דער צייט.

פירן אַן אַגיטאַציע אין יענער צייט פאַר דעם סאָציאַליסטישן ציוניזם אין די סטודענטישע קאָלאָניעס איז געווען נישט גאָר קיין דאַנקבאַרע זאַך. די ציוניסטן האָבן נאָך מער פּיינט געהאַט דעם סאָציאַליזם איידער די סאָציאַליסטן דעם ציוניזם. דערצו איז נאָך צוגעקומען די טרויעריקע דערשיינונג, דאָס אויב דער ציוניסטישער אמת האָט געמאַכט וועלכן עס איז נצחון אין די רייען פון דעם סאָציאַליזם, איז דער געווינס נישט אָנגעקומען דעם סאָציאַליסטישן ציוניזם פון דער פאַנטאַזיע, נאָר דעם בורזשואַזן ציוניזם פון דער ווירקלעכקייט. די איבערלויפער פון סאָציאַליזם אין ציוניזם זיינען געוואָרן זיילן פון ציוניזם און גראָמילעס פון סאָציאַליזם. — —

4.

ווי גרויס עס זיינען נישט געוועזן די מניעות פאַר דעם סאָציאַליסטישן ציוניזם אי מצד דעם ציוניזם אי מצד דעם אַסימי־לאַטאָרישן סאָציאַליזם, האָט דאָך געהאַט די סאָציאַליסטיש־ציוניס־טישע אידייע איר צויבערקראַפט און האָט געוועקט צו זיך אַן אינטערעס. דער אינטערעס האָט זיך אַרויסגעוויזן שוין בולט׳ער אויף דעם דריטן ציוניסטישן קאָנגרעס. די קאָנגרעסן אין באַזעל זיינען געוואָרן דער פלאַץ, וווהין עס פלעגן זיך צונויפקומען נישט נאָר די ציוניסטן, נאָר אויך די יידישע פאַרטיינע יוגנט, בפרט די וועלכע האָבן געהאַט אַ שטיקל שייכות צום יידישן נאַציאָנאַליזם. עס פלעגן זיך צונויפקומען בונדיסטן, האַלבע און פערטל נאַציאָנאַליסטן, אומ־צופרידענע ציוניסטן, מיט אַ גאַנצע מאַסע סטודענטן און סטודענט־קעס. זיי פלעגן קומען הערן עטוואָס וועגן דער יידישער גאולה און פלעגן אַוועקפאָרן מיט אַ געמישטן געפיל פון שפאָט, פאַראַכטונג און אַ ביסל פאַרוווּנדערונג.

אויף דעם דריטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין יאָר 1899 האָבן זיך אָבער שוין באַוויזן די ערשטע סימנים פון די צוקונפטיקע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס. די פראַגע וועגן דער באַציאונג צווישן ציוניזם און סאָציאַליזם האָט אַרויסגערופן אַ טיפן אינטערעס ביי די ראַדיקאַלע יונגע ציוניסטן, אַזוי ווי ביי פיל בונדיסטן און אַסימילאַנטן. עס איז פון פיל זייטן אויסגעדריקט געוואָרן דער ווונטש, דאָס איך זאָל האַלטן וועגן דער פראַגע אַ רעפעראַט אין דייטש: „דער סאָציאַליסטישער ציוניזם", אין אַ קליי־נעם זאַל אין באַזעל. דאַמאָלסט איז דאָס ערשטע מאָל געברויכט געוואָרן פון מיר דאָס וואָרט „סאָציאַליסטישער ציוניזם" אַלס אַ נייע אידייע און באַוועגונג. די דעבאַטע איז געוועזן אַ שטורמישע, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן דער מערקווירדיקער פאַקט, דאָס איניקע בונדיסטן האָבן אויפגענומען דעם ציוניזם און דעם סאָציאַליזם פון זיך אָפּגעטרייסלט, בשעת פאַרקערט די ראַדיקאַלע ציוניסטן האָבן אַרויסגעוויזן די טענדענץ צו גיין אַלץ מער און מער אויף דעם

וועג פון דעם סינטעז צווישן ציוניזם און סאָציאַליזם.

אַלס איינער פון די ערשטע פון די ראַדיקאַלע ציוניסטן, וועלכע האָבן אין יענער צייט שוין אין רוסלאַנד געפּרוּווט אָרגאַניזירן ציוניסטישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־גרופּן, דאַרף דערמאָנט ווערן דאָ ק. טעפּער פון אָדעס, וועלכן איך האָב געטראָפן אַלס דעלעגאַט אויף דעם דריטן ציוניסטישן קאָנגרעס. טעפּער איז דער מערקווירדיקער יידישער אינטעליגענט, וועלכער האָט איבערגעלעבט אַלע יידישע און נישט יידישע באַוועגונגען אין רוסלאַנד מיט אַ שטורעמדיקן אונרו. ער איז דאַמאָלט געווען אין זיין ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונגס־שטופע. דאָס האָט אָבער ביי אים לאַנג נישט אָפּגעהאַלטן, אין צוויי יאָר אַרום האָט ער זיך אָפּגעקערט פון ציוניזם און האָט זיך געמאַכט דעם קאַמף קעגן דעם ציוניזם פאַר אַ באַזונדערע ספּעציאַליטעט. דער גרונט איז געווען דער, וואָס אַ סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט נאָך אַלע פּרובונגען אין יענער צייט זיך נישט איינגעגעבן. — — —

טעפּער האָט אויף אַזאַ אופן געמאַכט דעם ערשטן פּאַרזוך צו אָרגאַניזירן ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע גרופּן אין רוסלאַנד, אָבער דער פּאַרזוך האָט זיך דאַמאָלסט נישט איינגעגעבן.

אין צוזאַמענהאַנג מיט מיין רעפעראַט וועגן סאָציאַליסטישן ציוניזם, דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן אַן עפּיזאָד, וועלכער איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם ציוניזם פון יענער צייט. כדי צו אַנאָנסירן דעם רעפעראַט, איז פאַרשפּרייט געוואָרן דער טיטל פון דעם רעפעראַט: „סאָציאַליסטישער ציוניזם", און דער פּלאַץ פון זאַל: ביי די „ווערנאָפּאָדאַנע"*) ציוניסטן איז געוואָרן אַ שטיקל מהומה: סטייטש, מה יאמרו, וואָס וועלן חלילה זאָגן די קיסרים. מען האָט גלייך דערלאַנגט אַ הענדביל הערצלען און הערצל האָט אויף אַ ווײַלע איבערגעריסן די פאַרהאַנדלונגען און מקדש השם געווען און אַראָפּגענומען דורך אַ דערקלערונג פון דעם כשרן ציוניזם דעם פלעק פון

---

*) ווערנאָפּאָדאַנע, — געטרייע אונטערטאַנען.

סאָציאַליזם. און אויף להבא האָט הערצל דערקלערט אונטער די אַפּלאָדיסמענטן פון קאָנגרעס, דאַרפן אַזעלכע הענדבילס דורכגיין די צענזור פון דעם פּרעזידיום. דעם נעקסטן טאָג פון דעם רעפּעראַט, האָט מיר הערצל געזאָגט מיט זיין באַקאַנטער פריינטלעכקייט און וויציקייט: „קומט, איר סאָציאַליסטן, צו אַ זיבעטן קאָנגרעס און טרייבט מיך אַרויס". עס איז הערצלען נישט באַשערט געווען צו זיין אויף דעם זיבעטן קאָנגרעס, אָבער גראָד אויף דעם זיבעטן קאָנגרעס איז געווען אַ גרויסע סאָציאַליסטישע פראַקציע, און רויטע פּלאַקאַטן גרויס ווי עוג מלך הבשן זיינען געהאָנגען אין קאָנגרעס־זאַל און אַנאָנסירט סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע מיטינגען און פאַר־זאַמלונגען. עס איז געווען די צייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע, און די ציוניסטן האָבן נעבאַך געמוזט שווייגן און צוקוקן צו דעם חילול־השם...

דער אינטערעס אין דער יידישער יוגנט צו דעם סאָציאַליס־טישן ציוניזם האָט געהאַלטן אין וואַקסן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן איינצעלנע אָנהענגער פון דער אידייע, וועלכע האָבן שוין אַרויסגעוויזן די טענדענצן צו גרופּירן זיך. אָבער אַלץ איז נאָך געווען אונקלאָר, כאַאָטיש און אונזיכער, און פון די בעסטע רייד און אויסזיכטן האָט זיך נישט זעלטן גאָר אויסגעלאָזן אַ בוידעם. אַזוי, למשל, האָט זיך מיט מיר געשטעלט אין פאַרבינדונג אַ געוויסער הער היקעל פון ברין אין עסטרייך, וועלכער האָט פּרעטענדירט צו זיין דער אָנפירער פון יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע און אַרבעטער, וועלכע האָבן געזוכט דעם וועג צו אַ ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי. דער הער היקעל האָט אויך אָנגעהויבן אַרויס־צוגעבן אין ברין אַ צוויי־וועכנטלעכע צייטונג אין דער דייטשער שפּראַך: „די יידישע פאָלקס־שטימע", וועלכע האָט זיך אויך דערקלערט, איך ווייס נישט מיט וואָס פאַר אַ רעכט, פאַר דעם „צענטראַל־אָרגאַן פון די יידישע אַרבעטער און האַנדלס־אָנגע־שטעלטע". איך האָב אויפגעשריבן דעם לייט־אַרטיקל פאַר דעם ערשטן נומער, וועלכער האָט געזאָלט זיין אַ פּראָגראַם־אַרטיקל פאַר

דער צייטשריפט און די צוקונפטיקע פאַרטיי. עס האָט זיך באַלד אויסגעלאָזן דאָס דער פּראָגראַם־אַרטיקל האָט גערעדט אויף פוסטע ווערטער. דער רעדאַקטאָר פון דער „פאָלקס־שטימע" האָט אָנגעהויבן דרוקן אין זיין צייטונג וואָס עס האָט זיך געמאַכט, און אָנגעהויבן קודם־כל קלייבן אַבאָנענטן ביי יידן. באַלד איז די צייטונג געוואָרן דער פּלאַץ, ווו אַלע אַרטיקלען, וועלכע די בעסערע יידישע צייטונגען פלעגן אַרײַנוואַרפן אין פּאַפּיר־קאָרב, האָבן דאָרט אָפּגעלעבט תחית־המתים. אין אַ קורצע צייט אַרום האָט די צייטונג אויך אַרויסגעוואָרפן די צווייטע קעפּל: צענטראַל־אָרגאַן פון די יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע און אַרבעטער, און אונזער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער רעדאַקטאָר איז געוואָרן אַ ייד מיט אַ צייטונגס־ביזנעס.

וואָס מער עס האָבן זיך געוויזן סאָציאַליסטישע טענדענצן אין יענע יאָרן צווישן די יונגע ציוניסטן, וועלכע האָבן געזוכט צו פאַרבינדן די אידייע פון דער יידישער פּאָליטישער אויפלעבונג מיט אַ יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, אַלץ עפּטער פלעגט אויפטרעטן די אַנטקעגנגעזעצטע דערשיינונג, דאָס סאָציאַליסטן פלעגן אַנטלויפן אין דעם שויס פון ציוניזם און דאָרט זיך פאַרוואַנדלען אין כשרע בעלי־בתים. אַזעלכע חברה האָב איך געטראָפן אין לאָנדאָן אויף דעם פערטן ציוניסטן־קאָנגרעס, ווו אייניקע פירער פון די סאָציאַליסטן זיינען אַריבערגעשפּרונגען צום ציוניזם און האָבן מיט דערזעלביקער לייכטקייט גענומען זידלען דעם סאָציאַליזם, ווי פריער דעם ציוניזם. די סאָציאַליסטישע איבערלויפער האָבן, נאַטירלעך, נישט געגאָסן קיין וואַסער אויף די שוואַכע מילן פון דעם סאָציאַליסטישן ציוניזם. זיי האָבן מער ווי אַנדערע פאַרשווערט זיין גאַנג. אָבער אַ געוויסע אונרו האָבן זיי דאָך אַריינגעבראַכט אין די קעפּ, און די כוואַליעס פון דער דיסקוסיע זיינען אומעטום הויך געשטיגן. — — —

אין לויף פון מיין לאַנגיאָריקער אַגיטאַציע פאַר דעם סאָציאַ־ליסטישן ציוניזם צווישן דער שטודירנדער יוגנט און אינטעליגענץ אין די מערב־אייראָפּעאישע שטעט איז ביסלעכווייז געשטיגן דער אינטערעס פאַר דער נייער אידייע, און פון פאַרשידענע זייטן האָט מען „אָנגעבאָטן" מיר צו גרינדן אַ סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. פון די „אָנבאָטענישן" האָב איך אָבער קיין נחת געוויינלעך נישט געהאַט. די פאַרהאַנדלונגען פלעגן פלאַצן אין סאַמע מיטן, ווייל יענער צד פלעגט שטענדיק עפּעס נישט ווען פון מיינע תנאים. דער פלעגט נישט וועלן קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניזאַציע, וואָרום ער האָט געהערט זאָגן, אַז דאָס איז אַן „אוטאָפּיע", און דער פלעגט נישט וועלן דעם נאָמען „סאָציאַליסטיש", וואָרום ער פלעגט זאָגן, אַז פאַר ציוניסטן איז גענוג „סאָציאַל", און דער צד השוה פון כמעט אַלעמען איז געווען, דאָס זיי זיינען געווען קעגן דעם רעוואָ־לוציאָנערן קאַמף אין רוסלאַנד. דער הויפּט־אַרגומענט איז געווען, דאָס ווייבאַלד מיר האַלטן ביי אַוועקפאָרן אין ארץ־ישראל, טאָ וואָס איז אונז דער חילוק, וואָס פאַר אַ מלוכה־פאָרם עס וועט זיין אין רוסלאַנד.

אין יאָר 1901 האָב איך אין בערלין דערקענט אייניקע האַלבע אָדער אפשר טאַקע גאַנצע ציוניסטן־סאָציאַליסטן, ווי זיי האָבן אין יענער צייט אָנגעהויבן אַרויסצושפּראָצן איינציקווייז צווישן דער שטודירנדער יוגנט. דורך זיי האָב איך זיך געשטעלט אין אַ ענגע־רער פאַרבינדונג מיט דעם קיעווער ציוניסטישן סטודענטן־פאַריין „קדימה", פון וועלכן עס האָט זיך געהערט, דאָס ער איז כולו רויט. פון יענעם קיעווער עולם זיינען אין די שפּעטערדיקע יאָרן טאַקע אַרויס אַ היפּשע צאָל אַלערהאַנטיקע פאַרטיי־מענטשן, ספּעציעל אָבער סיימיסטן, הפּנים ווייל קיעוו איז געווען אַ ס.ר.־אָווסקע *)

* סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע פאַרטיי אין רוסלאַנד. נישט געווען מאַרקסיס־טיש, ווי די רוסישע סאָציאַלדעמאָקראַטן. די פאַרטיי האָט אָנערקענט און זיך באַנוצט מיט מיטלען פון אינדיווידועלן טעראָר געגן די הערשער און זייערע

שטאָט. עס האָט אויסגעזען, דאָס די צייט איז געקומען צו פּרוּוון זיך אַרויסרופן אַ סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע באַוועגונג.

די באַוועגונג האָב איך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן נאָך די זעלבע כללים, ווי אונטער אַזעלכע אומשטענדן ווערן געוויינלעך באַשאַפן אַזעלכע באַוועגונגען. פריער האָבן זיך אָרגאַניזירט פיר מאַן אין אַ פּאַריין „העסיאַנאַ", נאָך דעם ערשטן סאָציאַליסט־ציוניסט משה העס. דערנאָך האָבן מיר געלאָזט וויסן דער וועלט, דאָס מיר עקזיסטירן, דורך דער אַראַנזשירונג פון אַ רעפעראַט: „דער סאָציאַליסטישער ציוניזם", וועלכן איך האָב געהאַלטן פאַר דער „רוסישער" קאָלאָניע אין רוסיש, פאַרשטייט זיך. דער רעפעראַט האָט נאַטירלעך אַרויסגערופן אַ דיסקוסיע און יעדער, וועלכער האָט געהאַט אַ האַנט און אַ פּוס, האָט באַוויזן די מעלות פון קאָסמאָפּאָליטיזם אין פאַרגלייך מיט יידישקייט. דערנאָך האָט מען אין דער „קאָלאָניע" אָנגעהויבן ווייזן מיט די פינגער אויף דער נייער פּאַרטיי, וועלכע האָט געציילט אַ מזומן מיטגלידער, און פון דער פּאָזיציע, דער נעגאַציע און דעם קאַמף פון די גייסטער האָט זיך אָנגעהויבן באַוועגן אַ באַוועגונג.

דעם קיצור פון יענעם רעפעראַט האָב איך אויפגעשריבן אין דער פאָרם פון אַ קליינער בראָשור און פאַרברייטערט די ערשטע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע שריפט אין רוסישער שפּראַך: „וואָזוואַניע ק׳יעווריעסקאָי מאָלאָדיאָזשי, — איזדאַניע סיאָניסטאָוו סאָציאַליסטאָוו" *). די שריפט האָט אויפגעוויזן דעם ווערט פון אַ יידישן

---

באַדינגער, כדי צו דערגרייכן זייער פּאָליטישן ציל. זי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר עקשנותדיקן קאַמף געגן דעם מאָנאַרכיסטישן רעזשים אין רוסלאַנד און אַ סך פון אירע חברים זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צו תפיסה, פאַרשיקונג און טויט.

די סיימיסטן זיינען געווען נאָענט אין זייער אידעאָלאָגישער וועלט־אויפפאַסונג צו די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן. פּועלי־ציון און ס. ס. — האָבן געהאַט אַ מאַרקסיסטישע אויפפאַסונג.

* אויפרוף צו דער יידישער יוגנט — אויסגאַבע פון די ציוניסטן־סאָציאַליסטן.

לאַנד פאַר דעם יידישן פאָלק און דעם יידישן פראָלעטאַריאַט, האָט געגעבן אַ שאַרפע קריטיק פון דעם ציוניזם און דער יידישער פאָליטיק און אַרויסגעשטעלט פאַר דעם יידישן אַרבעטער און דער אינטעליגענץ די לאָזונגען פון אַ יידישן לאַנד, רעוואָלוציאָנערן און סאָציאַליסטישן קאַמף און קריטיק פון דער יידישער טראַדיציאָנעלער רעליגיע. פאַר דעם פראָפיט פון דעם רעפעראַט, וועלכער איז געווען אַן ערך 70 מאַרק, האָט מען געגעבן אַן אויפגאַב צו דרוקן די בראָשור און מען האָט פאַרטיק געמאַכט די ערשטע סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע אַגיטאַציע־שריפט. דער דרוק פון דעם ביכל איז אָנגעגעבן געוואָרן לאָנדאָן, אָבער באמת איז עס געדרוקט געוואָרן אין בערלין, נאָר אַזויווי די בערלינער פאָליציי האָט מער געהאַלטן פון ציוניזם איידער פון סאָציאַליסטישן ציוניזם, און וואָלט געקענט אָנהויבן בודק זיין, ווער עס איז די גרופּע, וועלכע עס האָט אַרויסגעגעבן דאָס ביכל, האָט מען משנה מקום געווען.

דידאָזיקע „וואָזוואַניע" (אויפרוף) איז שטאַרק געלעזן געוואָרן אין מערב־אייראָפּע אַזוי גוט ווי אין רוסלאַנד, וווהין עס זיינען אַריינגעשמוגלט געוואָרן ·פיל עקזעמפּלאַרן. זי איז געלעזן געוואָרן מיט אַ געמישטן געפיל: ציוניסטן זיינען געווען שטאַרק אין כעס פאַר אַזאַ חילול השם, און סאָציאַליסטן האָבן געקוקט אויף דער גאַנצער מעשה ווי אויף אַ קוריאָזיטעט, ווי אויף אַ באַשעפעניש, וועלכע איז למעלה פון דער מאַרקסיסטישער נאַטור־געשיכטע. אַזוי אָבער ווי די פאַרטיי איז באַשטאַנען אינגאַנצן פון אַ מזומן מענטשן, איז בכלל דאָך נישט געווען מיט איר זיך וואָס צו רעכענען דאַמאָלט. דער בעסטער אַרגומענט קעגן דעם סאָציאַליסטישן ציוניזם דאַמאָלט איז געווען די צאָל פון דער „פאַרטיי". מיט דעם פראַקטישן אַרגומענט האָט אַרומגעפאָכטן צביון *), וועלכער איז דאַמאָלסט

* צביון — ליטעראַרישער פסעוודאָנים פון ד"ר בן־ציון האפמאַן, איצט אַלט געוואָרן 70 יאָר. דעביוטירט אין העברעאיש, אין „המליץ". אַלס סטודענט צוגעשטאַנען צום „בונד", און פון 1901 איינער פון די באַקאַנטע בונדישע שרייבער. סוף 1908 אַוועק קיין אַמעריקע און נאָך אַ פּאָר יאָר באַשעפטיקונג

געוועזן איינער פון די גייסטיקע פירער פון „בונד״. צביון איז געוועזן לכתחילה אַ פאַרברענטער ציוניסט, נאָכדעם ווי ער האָט פאַרזוכט פון דעם עץ־הדעת פון סאָציאַליזם, איז ער אַנטלאָפן עם כל ישראל אחיו אין „בונד״, און איז דאָרטן געוואָרן דער מומחה אויף ציוניזם. אין דעם „יידישן אַרבעטער״ פון 1900, דעם וויסנשאַפטלעכן אָרגאַן פון „בונד״, איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אַן אַרטיקל פון צביון וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע, ווו דער פאַרפאַסער האָט דערקלערט פאַר דער גאַנצער וועלט, דאָס פון ציוניסטן־סאָציאַליסטן האָט קיינער גאָרנישט געהערט, איז דערפון די ראיה, דאָס אַזאַ סינטעז איז נישט לאָגיש פון קאָפּ ביז די פיס.

שריפטן, ערשטער טייל

---

אַלס אינזשיניער אינגאַנצן אַריבער צו זשורנאַליסטישער טעטיקייט אַלס איינער פון די הויפּט־מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס״.

## ב. כצנלסון / אַ דור אויפן שיידוועג

א.

עס איז געשען מיט עטלעכע און פופציק יאָר צוריק, אין די טעג פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן. אין דער רוסישער געשיכטע זיינען יענע יאָרן באַקאַנט אַלס די „קליינע יאָרן", יאָרן פון מידקייט און אָפּהעגטיקייט. אָבער גראָד אין יענע יאָרן זיינען בחדרי חדרים געוואַקסן די כוחות, וואָס האָבן נאָכדעם געמאַכט די רוסישע און אפשר די וועלט־געשיכטע. פאַר די יידן זיינען יענע יאָרן געווען באַזונדערס פינסטערע יאָרן, אָבער אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס עס איז געלעגן אין „שויס פון דער צוקונפט", איז דידאָזיקע פינס־טערניש געווען אַ גרויסע אידיליע. און אויך ביי יידן האָט אונטער דער פינסטערניש אין דער הילפלאָזיקייט געברויזט דאָס לעבן, זיינען געוואַקסן מענטשן, וואָס האָבן נאָכדעם געמאַכט די יידישע געשיכטע. מ'צ'סן האָבן געזוכט אַן אויסוועג פון דעם דלות און די גזירות — האָבן זיך געלאָזט טראָגן מיטן ווינט. און דער ווינט האָט זיי פאַר־טראָגן מעבר לים, אין דעם „גאָלדענעם לאַנד". יחידים האָבן גע־חלומט דעם חלום פון שיבת ציון, אָבער לעת עתה האָבן זיי גאָרנישט געטאָן פאַר זיין פאַרווירקלעכונג. אָנשטאָט דער האָפענונג אויף „פּראַווע" (גלייכע רעכט) בחסד המלכות, וואָס האָט באַוועגט די משכילים אין די טעג פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, האָט איבער די נייע יידישע אינטעליגענטן אויפגעשיינט אַ ניי ליכט: דאָס ליכט

פון סאָציאַליזם און רעוואָלוציע. דאָס דאָזיקע ליכט איז פאַר זיי געוואָרן דאָס וואָס דער גלויבן פון די אבות איז געווען פאַר זייערע עלטערן און אור־עלטערן. זיי האָבן זיך אים איבערגעגעבן מיט דער גאַנצער נשמה, זיינען פאַר דעם גרייט געווען צו גיין אויף דער עקידה, און זיינען טאַקע געגאַנגען אין טורמע און פאַרשיקונג. און דעם דאָזיקן גלויבן האָבן זיי אַרומגערינגלט מיט אַן אַטמאָספערע פון אָרטאָדאָקסיע און פרומקייט, ווי זייערע עלטערן האָבן געטאָן מיט זייערע הייליקטימער.

אָט די יידישע יונגעלייט האָבן כמעט אַלע געהאַט אַ גאַנץ אָרעמען יידישן „באַגאַזש". צו זייער מזל, האָבן זייערע עלטערן — אפילו אויב זיי זיינען געווען העברעאישע שרייבער אָדער לערער, אפילו אויב זיי זיינען געווען חובבי ציון — זיך באַמיט זייערע קינדער לייכטער צו מאַכן „דידאָזיקע זאַכן". וואָס איז שייך די טעכטער, איז דאָך אפילו נישט נויטיק געווען זיי לייכטער צו מאַכן. זיי זיינען דאָך לכתחילה געווען פטור פון תורה־לערנען. דאָס ליכט פון דער וועלט איז צו זיי דערגאַנגען דורך נישט־יידישע קאַנאַלן. אפילו די וואָס האָבן אין דער קינדהייט פאַרזוכט דעם טעם פון „חדר", האָבן פון דאָרט מיט זיך נישט מיטגענומען קיין וואַגיקע זכרונות.

דאָס נייע ליכט איז געווען אַזוי מאַגיסטיש ווי די גאָטהייט אַליין. לא יהיה לכם אור אחר על פני. זיי האָבן זיך באַטראַכט פאַר פולשטענדיקע קאָסמאָפּאָליטן, און דער צופאַל וואָס זיי זיינען געבוירן געוואָרן ביי יידישע עלטערן האָט פאַר זיי געהאַט אַ קנאַפּע באַדייטונג. די טעאָריע איז געווען — „דער ריינסטער קאָסמאָפּאָליטיזם". און דאָס לעבן? די בילדונג איז געווען אַ רוסישע, די ליטעראַטור, וואָס האָט זיי גייסטיק גענערט, איז געווען אַ רוסישע, די צוקונפט, וועגן וועלכער זיי האָבן גע׳חלומ׳ט, איז געווען די קומענדיקע רוסישע רעוואָלוציע. אַלע זייערע אינטערעסן זיינען געלעגן אין דער רוסישער מלוכה, און רוסיש האָט געהייסן — גרויסרוסיש: צו דער באַפרייאונגס־באַוועגונג פון די דורך רוסלאַנד אונטער־

דריקטע פעלקער האָט זיי נישט געצויגן. און די פוילישע און אוקראַינישע רעוואָלוציאָנערן האָבן אויף זיי געקוקט ווי אויף רוכיפיקאַטאָרן, ווי אויף די דינער פון דעם ווילן פון דעם הערשנדיקן פאָלק. זייערע סימפּאַטיעס און זייער באַגייסטערונג האָבן זיי פריער געגעבן דעם רוסישן מוזשיק, וועלכער איז, לויט דער טעאָריע פון דער פאָלקיסטיש־רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג (נאַראָדניקעס), געווען דער באַזיצער פון אַלע טוגנטן און אין זיך געטראָגן די עלעמענטן פון אַ סאָציאַליסטישער אָרדענונג. פעטער לאַוראָוו, דער רוסישער דענקער, וואָס איז דאַמאָלט געווען זייער פאַרערט, האָט דעם רוסישן אינטעליגענט, דעם זון פון דעם גוטבאַזיצער, געלערנט, אַז ער לעבט בלויז אין זכות פון די מאַסן געמאַטערטע דאָרף־מענטשן, פון זייער דורות־לאַנגער האָרעוואַניע. אויב ער געניסט אַ הויכן לעבנס־סטאַנדאַרט, אויב ער האָט הנאה פון לעבן, אויב זיין בילדונג האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו ווערן אַ „קריטיש־דענקענדיקע פּערזענלעכקייט", דאַרף ער דערפאַר „באַצאָלן אַ חוב" דעם „פאָלק" און „דאָס פאָלק" איז דער „מוזשיק". און די יידישע יונגעלייט, זין פון מלמדים אין קרעמער אין כלי־קודש, האָבן אויך געהאַלטן, אַז זיי דאַרפן צוריקצאָלן אַ חוב, נישט זייערע עלטערן — וועגן וועלכע זיי האָבן אין דער רוסישער ליטעראַטור, אין דער רעאַקציאָנערער און אויך אין דער פּראָגרעסיווער, נישט געקענט געפינען קיין איין גוט וואָרט — נאָר דעם רוסישן מוזשיק. פּראַקטיש האָבן דידאָזיקע יידישע יונגעלייט מיט זייער באַגייסטערונג פאַרן רוסישן מוזשיק גאָרנישט געקענט אויפטאָן. וואָרום דער וועג צו אַרבעט אין רוסישן דאָרף איז פאַר זיי געווען געשלאָסן (אויך דער ערשטער דור יידישע רעוואָלוציאָנערן, אין די זיבעציקער יאָרן, פאַר די פּאָגראָמען און גזירות און דער אַנטיסעמיטישער כוואַליע, האָט זיך — מיטן אויסנאַם פון איינצלנע, אינגאַנצן אסימילירטע — נישט באַטייליקט אַקטיוו אין דעם „גיין אין פאָלק", — אויסער ביים אויפשטעלן געהיימע דרוק־קערייען, אָרגאַניזירן און צוגרייטן טעראָר־אַקטן). דערפאַר האָבן זיי גערן אויפגענומען די נייע לערע, וואָס איז צו זיי דערגאַנגען פון

זשענעווע, פון פּלעכאַנאָוו * „שטאָט‟, די לערע וואָס האָט גערעדט אין מאַרקס נאָמען, האָט זיך אומגעקערט מיטן רוקן צום מוזשיק און האָט די צוקונפט פון רוסלאַנד אינגאַנצן אָנגעהאָנגען אויפן אינדוס־טריעלן אַרבעטער.

אָבער אויך דאָרטן איז דער וועג צו מעשים נישט געווען ברייט אָפן. דער רוסישער אַרבעטער האָט זיך נישט געאײַלט אָפּצו־רופן. ער האָט געהאַט צייט. און דער יידישער אינטעליגענט, וועלכער איז געווען נישט נאָר אַ „ווייסהענטל‟, נאָר אויך אַ ייד, האָט נישט געקענט האָבן קיין גרויסע הצלחה מיט זיין פּראָפּאַגאַנדע צווישן די רוסישע אַרבעטער. די מערסטע יונגע יידן זיינען, צוליב זייער לעגאַלן סטאַטוס, אַלס יידן, געווען צוגעבונדן צום „תחום המושב‟, און אפילו די יעניקע צווישן זיי, וואָס זיינען אַריינגעדרונגען אין די הויך־שולן און אין די שטעט „אויסערן תחום‟, האָבן זיך געמוזט צוריקקערן אין „תחום‟ נאָך דעם ווי די פּאָליציי האָט זיי געכאַפּט. כמעט בלית ברירה פלעגן זיי זיך דאַמאָלט ווענדן צום יידישן אַרבעטער — און ביי אים האָבן זיי געפונען אַן אָפּרוף.

אָבער זיי האָבן זייער טעטיקייט צווישן די יידישע אַרבעטער באַטראַכט ווי אַ צייטווייליקן ענין, ווי אַן איבערגאַנגס־סטאַנציע. דער יידישער אַרבעטער איז פאַר זיי נישט געווען וויכטיק אין זיין אייגענעם זכות. עס האָט זיך נישט געגלויבט אַז ער זאָל ווערן אַ רעוואָלוציאָנערער כוח מיט אַן אייגענער באַדייטונג. דער ציל איז געווען דער רוסישער אַרבעטער — אָבער דער וועג צו אים איז געווען אַ לאַנגער און פאַרמויערטער. איז אָבער נישט כדאי זיך באַנוצן מיטן יידישן אַרבעטער, זיינע גוטע פעאיקייטן, זיינע אידע־אַליסטישע אימפּולסן, זיין באַגייסטערונג, כדי פון אים אויסצובילדן,

---

* פּלעכאַנאָוו געאָרג — 1856—1918. דער גייסטיקער פאָטער פון דער רוסישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע. איינער פון די אָנגעזעענסטע מענטשן אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. האָט זיך געפונען אַ לאַנגע צייט אין דער שווייץ — אין זשענעוו — און ער האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דער דאָרטיקער רוסישער קאָלאָניע.

נאָך דער געהעריקער „אַנטוויקלונג" און „באַאַרבעטונג", פּעאיקע אַגיטאַטאָרן פאַרן נישט־יידישן אַרבעטער? צוליב דער סיבה, אָדער אפשר דערפאַר, וואָס די רוסישע שפּראַך איז בכלל באַטראַכט געוואָרן פאַר דער „ראשית חכמה", איז דאָס לערנען רוסיש געוואָרן דער עיקר אין דער פאַרשפּרייטונג פון סאָציאַליזם צווישן יידישע אַרבעטער. עס פאַרשטייט זיך אַליין, אַז עס איז קיינעם נישט איינגעפאַלן צו באַשעפטיקן דעם מוח פון דעם אַרבעטער מיט „יידישע אינטערעסן", אויסער אפשר צו פאַרניכטן די „פאָראורטיילן", וואָס האָבן געהערשט אין דער יידישער סביבה.

דאָס איז נישט קיין שילדערונג פון קיין קעגנער. אַזוי דער־ציילן וועגן זייער גייסטיקער טראַדיציע די טאַטעס פון „בונד".

דזשאָן מיל, איינער פון די ערשטע, דערציילט וועגן אַרקאַדי קרעמער, דעם „ארי שבחבורה":

„זיין ציל איז געווען די רוסישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג. בעת ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער סאָציאַליסטישער טעטי־קייט אין ווילנע, האָט זיך אים אפילו נישט געחלומ׳ט, אַז דער אומ־פאַרמיידלעכער לאָגישער רעזולטאַט דערפון וועט זיין אַ יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג *). און אַרקאַדי קרעמער אַליין דערציילט: „די ערשטע גרינדער פון די אַרבעטער־„קרייזלעך" אין ווילנע האָבן נישט געהאַט אין זינען קיין ברייטע טעטיקייט צווישן די יידישע אַרבעטער־מאַסן. זיי האָבן בלויז געוואָלט אויסבילדן מער אַנטוויקלטע יידישע אַרבעטער, זיי געבן אַ סאָציאַליסטישן באַוווסטזיין און זיי צוגרייטן צו זיין אַגיטאַטאָרן פאַר רוסלאַנד, פאַר די אינדוסטריעלע צענטערן, פאַרן רוסישן אַרבעטער־קלאַס. דער סאָציאַליסטישער געדאַנק פון יענער צייט האָט נאָך נישט געזען קיין מעגלעכקייטן פאַר אַ קלאַסן־באַוווסטזיניקער באַוועגונג אין די קליינע וואַרשטאַטן, און נאָך מער צווישן די איינצלנע יידן, וואָס זיינען צעשפּרייט אין די קליינע וואַרשטאַטן. דאַקעגן האָט זיך געלייגט אויפן שכל, אַז

*) „היסטאָרישע שריפטן", דריטער באַנד, ייוו"א, ווילנע, 1939.

צווישן דידאָזיקע גייסטיק־אַנטוויקלטע און מאָראַליש־ריינערע עלע־מענטן וועלן זיך לייכט געפינען יחידים, וואָס וועלן קענען דערהויבן און בעסער פאַרשטיין דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל" *).

און אין דער סאָוויעטישער מאָסקווע דערציילט איינער פון די „טאַטעס":

מיר זיינען דאַמאָלט געווען אַסימילאַטאָרן און האָבן אפילו ניש גע'חלומ'ט וועגן אַ באַזונדער יידישער מאַסן־באַוועגונג. דידאָזיקע פראַגע איז אויפגעשווומען ערשט שפּעטער, אונזער אויפגאַבע איז געווען צוצוגרייטן „רעקרוטן" פאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, אַזוי ווי דערנענטערן צו דער רוסישער קולטור **).

ווען די פאָטערס פון „בונד" וואָלטן דערגרייכט זייער ציל, וואָלט, זיך זייער אויפגאַבע פאַרענדיקט מיטן אויסבילדן אַ דינע שיכט יידישע אַרבעטער, וואָס זיינען אָפּגעריסן פון זייער סביבה און זיכן אַריינצודרינגען אין דער נישט־יידישער וועלט, ווי עס איז געשען מיט דער יידישער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ אין די זיבעציקער יאָרן, און ווי עס איז שפּעטער געשען מיט יחידים און גרופּעס יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אַ פּלאַץ אין דער פּפּ"ס***) און פּס"ד ****) (אין די פּוילישע גובערניעס) און אין די רוסישע פּאַרטייען (אין די אַנדערע רוסישע געביטן). אָבער די דערגרייכונגען פון

---

*) „אונזער צייט", וואַרשע, 1928.

**) צ. קאָפּעלזאָן, אין דעם זאַמלבוך: „די רוסישע רעוואָלוציאָנערע באַ־וועגונג צווישן די יידן" (רוסיש), מאָסקווע, 1930.

***) פּ.פּ.ס. — פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, געגרינדעט געוואָרן אין 1892, האָט פּאַרבונדן דעם נאַציאָנאַלן און סאָציאַליסטישן קאַמף, און האָט דערזיפּלט אַ זייער וויכטיקן אָרט אין דעם קאַמף פון פּוילישן פאָלק פאַר זיין פּאָליטישער זעלבסטשטענדיקייט.

****) פּ.ס.ד. — פּוילישע סאָציאַלדעמאָקראַטיע, געגרינדעט אין 1893, האָט געהאַט אַ מער אינטערנאַציאָנאַלע אויפפאַסונג, אין געגנזאַץ צו פּ.פּ.ס. וואָס האָט באַזונדערס באַטאָנט דעם מאָמענט פון פּוילישער נאַציאָנאַלער אומאָבהענ־גיקייט, אין 1918 האָט זיך פאַראייניקט מיט די לינקע פּ.פּ.ס. (לעוויצא) און צוזאַמען געשאַפן די פּוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

דידאָזיקע פיאָנערן האָט איבערגעשטיגן זייערע חלומות, און דער יידישער אַרבעטער, וואָס די „טאַטעס" פון „בונד" האָבן אים געוואָלט מאַכן פאַר אַן „אור לגויים", פאַר אַ מעדיום צו פאַרשפרייטן סאָציאַליזם צווישן נישט־יידן, האָט, נישט־ווילנדיק, דורכגעבראָכן די גרענעצן, וואָס זיינע דערציער האָבן אים אָנגעצייכנט און צונישט געמאַכט זייערע פּלענער.

מען קען זאָגן מיט זיכערקייט, אַז קיין שום אַרבעטערשאַפט, איינגעשלאָסן די פון די אַנטוויקלטסטע אינדוסטריעלע לענדער, האָט מאַסנווייז נישט איפגענומען די בשורה פון סאָציאַליזם מיט אַזאַ באַגייסטערונג ווי עס האָבן זיי אויפגענומען יידישע אַרבעטער אין די געסלעך פון „תחום המושב". מער ווי די ברעקלעך „עקאָנאָמישע פאַרבעסערונגען", האָט זיי פאַרכאַפּט די סאָציאַליסטישע העראָאישע עפּאָפּייע, די דערהויבונג פון דעם „קליינעם מענטשן". מער ווי זיי האָבן פאַרשטאַנען די טעאָרעטישע שיטה, האָבן זיי זיך אָפּגערופן אויף דער וויזיע פון דער מענטשלעכער גאולה. דער יידישער אַרבעטער, ווען די סאָציאַליסטיש־קאָסמאָפּאָליטישע לערע האָט אויפגעפּאָדערט „אַראָפּצושאָקלען דעם שטויב פון דער אַלטער וועלט פון זיינע פיס", און האָט אין דעמדאָזיקן „שטויב" איינגעשלאָסן אַלץ, וואָס עס האָט געהאַט אַ שייכות מיט דער יידישער היסטאָרישער ירושה, האָט אין זיין נייער וועלט אַריינגעבראַכט פיל פון זיין טראַדיציע: זיין הייסן טעמפּעראַמענט, זיינע אינטעלעקטועלע פעאיקייטן, זיין גייסטיקייט, זיין יראת־הכבוד פאַר הייליקטימער, זיין לעכצן נאָך דעם דערלייזער. אויפן וועג האָבן אים באַגלייט ניגונים־גלגולים פון חומש און תהלים און עטישע באַגריפן פון „חדר" און „סדור" *, דורות־אַלטע עכאָס פון פרייהייטס־

*) הלל בלום, איינער פון די ערשטע טוער פון דער באַוועגונג, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון „בונד", דערציילט, אַז אין זיינע ערשטע יאָרן אין דער באַוועגונג פלעגט ער ביים אויפשטיין מאַכן די ברכה: „ברוך אלהינו... והבדילנו מן התועים ונתן לנו תורת אמת" („היסטאָרישע שריפטן, יוו"א, דריטער באַנד).

ימים־טובים און תעניתים אויף דעם פּאַרלוסט פון דער פרייהייט, דער אַלטער יידישער האַס צום„ רשע" און „צורר" און דאָס לעכצן נאָך ווירדע און גבורה.

די „עקאָנאָמישע" טעאָריע פון די טעאָרעטיקער, וועלכע האָבן אים אײַנגעפלאַנצט דעם „קלאַסן־באַוווסטזיין" און מיט אים געקנעלט זיין פליכט צו „פאַרטיידיקן די אינטערעסן" האָט זיך פונאַנדערגעפלאַמט אין אַ נייעם גלויבן, וואָס האָט אים צוגעזאָגט דעם „אחרית הימים" במהרה בימינו, אין פאַרהיילקט דעם „יום הזה", דעם היינטיקן טאָג, דורך חבריש'ער ברודערשאַפט, דורך מעשים פון גבורה, מסירת־נפש און דערהויבונג. דער וועג פון דעם יידישן אַרבעטער צום סאָציאַליזם איז נישט געווען פאַרהאַקט דורך פיל האַרטע הינדערנישן, ווי ביי אַנדערע אַרבעטער. זיין האַרץ איז געווען אָפן. זיין „זכות אבות", די טראַדיציע פון פיל דורות, איז אים בייגעשטאַנען. ער איז מיט פרייד געגעאַנגען צו דער עקדה. ער האָט מקבל באהבה געווען דעם עול פון נייע מצוות, וואָס האָבן פאַרנומען דעם פלאַץ פון די אַלטע. ער איז געווען אַ מאַקסימאַליסט, ער האָט זיך געריסן צו באַלדיקער פאַרווירקלעכונג. די עקאָנאָמישע דערגרייכונגען האָבן אים נישט דערשראָקן. ער האָט אויף זיך געקוקט ווי אויף אַ דוד, וואָס שטייט קעגן גלית'ן. ער, דער יידישער „קנעכט" אין „תחום", הויבט־אויף זיין האַנט קעגן דעם גיגאַנט, דעם רוסישן קיסר.

פון דעמדאָזיקן זיווג פון יידישע אַרבעטער — און דערדאָזיקער באַגריף שליסט אויך איין קליינע בעלי־מלאכות, וואָס האָבן געאַרבעט „פאר זיך אַליין", געזעלן, אָנגעשטעלטע אין קראָמען, נייטערקעס און זאָקן־מאַכערקעס, וואָס האָבן געאַרבעט אויף הויז־מאַשינען, און „אינטעליגענטן", סטודענטן פון רעגירונגס־שולן און תלמידים פון ווילנער „לערער־אינסטיטוט" וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפ־גאַבע פריער צו דערציען „קאַזיאָנע ראַבינער" און נאָכדעם „קאַזיאָנע לערער" פאַר יידישע קינדער — איז געבוירן געוואָרן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין איר ערשטער געשטאַלט. פון יידישן

שטאַנדפּונקט איז די קולטור פון די אַרבעטער־„תלמידים“ געשטאַנען העכער פון דער קולטור פון די אינטעליגענטן־„לערער“, וועלכע זיינען על פי רוב אין יידישע ענינים געווען פולשטענדיקע עמי־הארצים. דער באָדן איז געווען אַ זאַפּטיקער, די זריעה איז געקומען פון אַ רעאַלער פירמע: פון בערלין דורך זשענעווע, וואָס האָט איר צוגעגעבן דעם רוסישן „בייגעמיש“. די זייער זיינען געווען טיכטיקע, פלייסיקע, איבערגעגעבענע מענטשן. פאַר זייערע אויגן איז שטענדיק געשטאַנען אַ מענטשלעכע אידעאַל־געשטאַלט — דער בערלינער סאָציאַל־דעמאָקראַט, וועלכער איז אויך געווען דאָס „לעצטע וואָרט“ פון דער מערב־קולטור, דער מוסטער, צו וועלכן מען האָט געדאַרפט אַרויפקוקן. זיי זיינען טאַקע אַליין ראוי געווען צו זיין בערלינער סאָציאַל־דעמאָקראַטן, נאָר זייערע לעבנס־אומשטענדן האָבן זי פאַר־וואַלגערט קיין ווילנע, און זיי האָבן זיך באַמיט דעם דאָזיקן גורל צו טראָגן בכבוד. די מערסטע פון זיי האָבן זיך איינגעוואָרצלט צווישן די יידישע אַרבעטער, זיינען צו זיי צוגעבונדן געוואָרן, זיינען זיי טריי געבליבן (ווער ביז צום לעצטן טאָג — און ווער ביז דער שווערער פּראָבע, דעם באָלשעוויזם), זיי אָפּגעגעבן די בעסטע כוחות, וואָס זיי האָבן גייסטיק פאַרמאָגט *).

זיי זיינען געוואָרן די פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן אויף דער יידישער גאַס. זייערע מעלות זיינען געווען גאָר גרויסע, זיי

*) עס זיינען געווען אַזעלכע וואָס די יידישע סביבה איז פאַר זיי געווען בלויז אַן איבערגאַנגס־סטאַנציע. די בולטע צווישן זיי: לעוו יאָגיכעס, איינער פון די גרינדער פון דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע (צוזאַמען מיט זיין פרוי ראָזע לוקסעמבורג) און דעם דייטשן „ספּאַרטאַקוס בונד“. ליובאַ אַקסעלראָד־אָרטאָדאָקס — אַ טעאָרעטיקערין פון רוסישן מאַרקסיזם; חנן (שארל) ראַפּאָפּאָרט — איינער פון די גרינדער פון די רוסישע סאָציאַליסטן רעוואָלוציאָנערן און שפּעטער צווישן די גרינדער פון פראַנצויזישן קאָמוניזם (פון וועלכן ער איז אַוועק נאָך די מאָסקווער פּראָצעסן); מענדל ראָזענבאַום — איינער פון די גרינדער פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, וועלכער האָט זיך אומגעקערט צו דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג ערשט נאָך זיין איבערוואַנדערן קיין אַמעריקע, דורך די פּועלי ציון — און זיין „עליה“ קיין ארץ־ישראל.

זיינען נישט געווען קיין „שוים אויפן וואַסער". עס האָט זיי כאַראַק־
טעריזירט: איבערגעגעבנקייט צו דער זאַך, ערנסט און התמדה
אין דעם לעבנס־וועג, וואָס זיי האָבן זיך אויסגעקליבן, גרייטקייט
צו נעמען אויף זיך יסורים, טאַטפּעאיקייט און אַ וווּנדערלעכער חוש
פאַר אָרגאַניזאַציע. פון זייערע אור־עלטערן, די יראים ושלמים, האָבן
זיי געירש'נט פרומקייט און אמונה־זאַכן און קפדנות אין אָפּהיטן
די מצוות, זיי האָבן דאָס אַריבערגעפירט אויף דער נייער אמונה
און די נייע מצוות.

ווי גרויס אָבער זיי זיינען געווען, זיינען זיי אויך געווען
באַשיידן. ווי זייערע אבות וואָס האָבן נישט געפילט קיין באַדערפעניש
עפעס מחדש צו זיין און האָבן זיך באַנוגנט מיט דער תורה פון די
„ראשונים", אַזוי זיינען זיי אויך געווען כשר'ע תלמידים פון דער
„תורה", וואָס זיי האָבן מקבל געווען פון זשענעווע און בערלין. זיי
האָבן זיך באַנוגנט מיט אַ רוסישער איבערזעצונג פון דעם דייטשן
אָריגינאַל און האָבן זיך אָפּגעהיט נישט צו ענדערן אין דעם קיין
אות. דאָס וואָס איז אין די פאַרהייליקטע שריפטן נישט געזאָגט
געוואָרן, איז אין זייערע אויגן געווען זייער פאַרדעכטיק. און אַ
מענטש, וואָס זיין גייסטיק געזונט איז אים טייער, טאָר נישט
צולאָזן צו זיך קיין אפיקורסות. די יורשים פון די שלומי אמוני
ישראל זיינען געוואָרן שלומי אמוני סאָציאַליזם.

זייער גייסטיקע וועלט איז געווען פאַרשלאָסן פאַר אַלץ וואָס
איז געווען אייגנאַרטיק אין דעם כאַראַקטער און גורל, אין די
צוקונפט־און־עקזיסטענץ־פראַגן פון דעם יידישן אַרבעטער, און
אוודאי און אוודאי פון דעם יידישן פאָלק. אין פראַגן פון דער
„גרויסער וועלט" האָבן זיי געהאַט אַ פאַרטיקן שולחן־ערוך. מען האָט
אים נאָר געדאַרפט אָפּהיטן אויף אַ כשר'ן אופן. אין יידישע פראַגעס
איז פאַר זיי גאָרנישט געווען גרייט, אויסער דער מורא, טאָמער
וועט זיך צו זיי צוקלעפּן אַ שמץ פון דער אַלטער יידישער וועלט.
אַזוי ווי עס איז דאָרטן נישט געווען קיין „חזון", קיין וויזיע, איז

דאָס דאָזיקע ווינקל אין האַרצן אָנגעפּילט געוואָרן מיט „ניכטערקייט“, מיט „דערקענטעניש פון דער ווירקלעכקייט“, מיט „רעאַליזם“. נאָר נישט קיין „חלומות“, נאָר נישט קיין „ראָמאַנטיק“! זיי האָבן זיך גרויס געהאַלטן דערמיט וואָס זיי „גייען אין פּאָסטריט פון לעבן“. מעג מען אָבער זאָגן, אַז דאָס איז געווען אַ שווערער, אַ הינקענ־דיקער און אין לעצטן סך־הכל — הינטערשטעליקער גאַנג. איידער דער לערער האָט זיך אויסגעלערנט רעדן און שרייבן אין דער שפּראַך פון דעם תלמיד, אין יידיש (וואָס פאַרן לערער בכבודו ובעצמו איז זי אויך אַמאָל געווען אַ מוטער־שפּראַך, אָבער ער האָט זי פאַרגעסן אין דער זעלבער מאָס וואָס ער האָט זיך איינגעשאַפן בילדונג און קולטור), האָט ער זיך באַמיט זיי, די תלמידים, אויס־צולערנען די שפּראַך, וואָס איז פאַר אים, דעם לערער, געווען די „מוטער פון אַלע חכמות“ — רוסיש. די לערער האָבן מיט די תלמידים געקנעלט וועגן דעם „עקאָנאָמישן פאַקטאָר“, אָבער זיי אַליין האָבן קיינמאָל נישט פּרובירט אַ טראַכט צו טאָן וועגן דער עקאָנאָמישער ווירקלעכקייט פון דעם יידישן אַרבעטער און וועגן דער אייגנאַרט פון זיין עקאָנאָמישן גורל. זיי האָבן דעם געדאַנק און געפיל פון דעם יידישן אַרבעטער פיקסירט אויף דער געגאַרטער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס אין איר און בלויז אין איר ליגט זיין צוקונפט און גליק. אַלדאָס איבעריקע איז געווען נישט מער ווי אַן אילוזיע. און יאָרן לאַנג האָט מען פאַרשלאָסן די אויגן כדי נישט צו זען, אַז בעת זיין נשמה טראָגט דעמדאָזיקן אַרבעטער צו דער רוסישער רעוואָלוציע, טראָגן אים זיינע פיס גאָר אויף יענער זייט גרענעץ, און פיל צענדליקער טויזנטער רייסן זיך מעבר לים, כדי דאָרטן צו געפינען זייער „פּערזענלעכע צוקונפט“. אָט די דערשיינונג האָט אויף זיי נישט געמאַכט קיין שום רושם און האָט זיי נישט באַוועגט צו פּרובירן איבערקוקן די פעסטע טעאָריע, אין וועלכער עס איז נישט געווען קיין פּלאַץ פאַר דער מאָדערנער דערשיינונג פון מאַסן־וואַנדערונג. די לייזונג פון דער פראַגע פון די יידן איז דאָך, ווי יעדער פּראָגרעסיווער מענטש האָט געוווסט, געלעגן אין

די וווּין־לענדער *).

בדרך כלל, קען מען זאָגן, האָט די „יידן־פראַגע" זייער ווייניק וואָס באַשעפטיקט אָט די ערשטע סאָציאַליסטן, זי איז, יעדנפאַלס, נישט געשטאַנען אין צענטר פון זייערע אינטערעסן. אין דער יידישער עקזיסטענץ האָבן זיי גאָרנישט געפונען וואָס זאָל זיי ליב זיין. זייערע אַנשויאונגען און טעאָריעס זיינען נישט דעטערמינירט געוואָרן דורך דער דערקענטעניש און שטודיום פון יידישן „זיין", נאָר די אַלגעמיינע אַנשויאונגען, וואָס זיי האָבן גענומען פון גרייטן, און זייער לעבנס־וועג האָבן פאַר זיי דעטערמינירט דאָס יידישע „זיין". ווען דער מאַרקסיזם וואָלט זיי נישט אַנטדעקט דעם רוסישן אַרבעטער, וואָלטן זיי מסתמא אַליין גאָרנישט אַנטדעקט דעם יידישן אַרבעטער, ממש ווי זייערע פאָרלויפער, אין די זיבעציקער יאָרן, האָבן אים נישט אַנטדעקט, כאָטש עס איז שוין דאַמאָלט געווען דער זעלבער געזעל און משרת און וואַרשטאַט־אַרבעטער. די „יידן־פראַגע" האָט פאַר זיי געהאַט בלויז איין טייטש: דאָס פעלן פון „פראַוועס". אין דער הינזיכט זיינען זיי נישט געגאַנגען ווייטער פון די משכילים, וואָס זיינען זיי פאָראויסגעגאַנגען. און די לייזונג איז אויך געווען די זעלבע: אַראָפּוואַרפן דעם צאַר. דאָס איבעריקע וועט שוין קומען פון זיך אַליין: „אין דעם טאָג וואָס עס וועט פאַלן די „סאַמאָדערזשאַוויע" אין רוסלאַנד, וועט אויך נעמען אַ סוף צום יידישן גלות, ווארום אין דעם זעלבן טאָג וועלן יידן באַקומען „ראַוונאָפּראַוויע" **). דער גאַנצער יידישער גלות — וואָס יעדער

*) „די פירמע, ביי וועלכער איך האָב געאַרבעט, האָט באַנקראָטירט. איך האָב אפילו אַ טראַכט־געטאָן וועגן אויסוואַנדערן קיין אַמעריקע, אָדער ענגלאַנד, און איך האָב אפילו אָפּגעשפּאָרט אַ גאַנצן קאַפּיטאַל, זעכציק רובל, אָבער אין יענער צייט האָט מען געהאַלטן, אַז עס איז נישט מאָראַליש, כמעט אַ פאַרברעכן, אַז אַ סאָציאַליסט זאָל פאַרלאָזן רוסלאַנד, כל זמן ער איז נישט אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער רעגירונג". אַזוי דערציילט הלל בלום אין זיינע דערמאָנטע זכרונות.

**) פון די ערשטע פּראָפּאַגאַנדע־בראָשורן אויף יידיש. זע „היסטאָרישע שריפטן", ייוו"אָ, דריטער באַנד.

פשוט'ער ייד ווייסט זיין גאַנצע אימה און פּיין אין משך פון טויזנט אַכט הונדערט יאָר — איז נישט מער ווי אַן ענין פון „ראַוונאָפּראַוויע“! דאָס איז די העכסטע פּאָליטישע חכמה, וואָס יידישע אינטעליגענטן, וואָילמיינענדיקע מענטשן, וואָס זיינען אָבער אינגאַנצן פריי געווען פון יעדן וויסן וועגן זייער פאָלקס־לעבן און געשיכטע, האָבן זיך באַמיט איינצופלאַנצן אין יידישן אַרבעטער. און אָט די אויפפאַסונג האָט געהייסן „רעוואָלוציאָנער“. יעדער אַנדער צוגאַנג האָט געהייסן „פאַרטושן דעם קלאַסן־באַוווסטזיין“.

עקזיסטירט יאָ אָדער עקזיסטירט נישט אַ יידיש פאָלק — וועגן דעם איז נאָך נישט „באַשלאָסן“ געוואָרן. ערשט נאָכדעם ווי עס האָט אין משך פון יאָרן עקזיסטירט אַ באַזונדערע אָרגאַניזאַציע פון יידישע אַרבעטער, איז אויפן פערטן צוזאַמענפאָר פון „בונד“, אין יאָר 1901, אונטערן דרוק פון דער וואַקסנדיקער ציוניסטישער פאָלקס־באַוועגונג און דעם אָנהויב פון די פּועלי־ציון, „באַשלאָסן“ געוואָרן, אַז עס עקזיסטירט אַ יידיש פאָלק. מען האָט אָבער נאָך דאַמאָלט אויך נישט באַשלאָסן, ווי־אַזוי מען דאַרף זיך באַציען צו דעם דאָזיקן פאַקט — פּאָזיטיוו, אָפּוואַרטן די אַסימילאַציע, אָדער אָננעמען סיי צו דעם נאַציאָנאַליזם און סיי צו דער אַסימילאַציע אַ „נייטראַלע שטעלונג“? און יאָרן שפּעטער האָט מען נאָך דיס־קוטירט, וואָס איז כשרער: נאַציאָנאַליזם, אָדער „נייטראַליזם“. פאַר דער יידישער קולטור — אויסער פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור, דער פאַרשפּרייטונג פון דאַרוויניזם וכדומה — האָבן זיי נישט געהאַט קיין אינטערעס. די יידישע שפּראַך איז פאַר זיי געווען בלויז אַ טעכנישער מיטל און אפילו נאָכדעם ווי זיי האָבן אַקצעפּטירט די יידישע נאַציאָנאַליטעט, האָט זיך זייער יידישער האָריזאָנט געענדיקט מיט די טעריטאָריאַלע גרענעצן פון דער רוסישער אימפּעריע, גענויער געזאָגט: „ליטע, פּוילן און רוסלאַנד“. מיט פּוילן איז געמיינט געווען די פּוילן, וואָס האָט זיך געפונען אין רשות פון דעם צאַר ניקאָלאַי, און נישט חלילה, די פּוילן, וואָס האָט זיך געפונען אין רשות פון פראַנץ יאָזעף. אויף יענער זייט פון די גרענעצן האָט פאַר

זיי קיין יידיש פאָלק נישט עקזיסטירט. יידישע אחדות, וואָס שטייט איבער די טעריטאָריאַלע גרענעצן, איז געווען איבער זייערע השגות. וואָס פאַר אַן אינטערעסן־שותפות קענען האָבן די רוסישע יידן, וואָס זייער ישועה וועט קומען פון דעם שטורץ פון דער „סאַמאָדערזשאַוויע" מיט די יידן פון גאַליציע, וואָס לעבן אונטערן שוץ פון אַ קאָנסטיטוציאָנעלער רעגירונג? און אויב מען האָט נאָך אפשר געקענט טראַכטן וועגן אַ שטיקל שותפות צווישן יידיש־ריידנדיקע יידן אין פאַרשידענע לענדער — וואָס פאַר אַ שותפות האָט געקענט זיין צווישן זיי און די יידן פון מערב־אייראָפּע? און אפילו נאָכדעם ווי עס האָבן זיך אָנגעהויבן שאַפן פאַרבינדונגען מיט די יידן אין אַמעריקע, וואָס זיינען ערשט נעכטן געווען מיטגלידער פון „בונד" אין „ליטע, פוילן און רוסלאַנד" — איז דאָס געווען אַ קאָנטאַקט אויף צו באַקומען הילף פאַרן קאַמף, קעגן דער „סאַמאָדערזשאַוויע" און שטיצע פאַרן „בונד" — און נישט מער.

דער ציוניזם — כל זמן ער האָט הינטער זיך נישט געהאַט קיין מאַסן און איז נישט געוואָרן קיין „שעדלעכער" כוח — האָט פאַר זיי נישט געהאַט קיין אינטערעס. זיי זיינען געווען זיכער, אַז דאָס איז אַ פאַנטאַזיע, רעאַקציאָנער ווי יעדע ראָמאַנטיק, וואָס וועט גיך פאַרשווינדן, ממש ווי דער אַנטיסעמיטיזם וועט גיך פאַרשווינדן פאַר די זון־שטראַלן פון „פּראָגרעס". איינער פון די אַקטיווסטע פיאָנערן, וואָס גיט איבער מיט וואָס פאַר אַ ביטול זיי האָבן זיך דאַמאָלט באַצויגן צום ציוניזם, דערציילט וועגן אַ דיסקוסיע, וואָס איז צושטאַנד געקומען דורך דעם באַזוך פון אַ חובבי־ציון־רעדנער אין ווילנע. מען האָט אים געגעבן אַ שלאָגנדיקן ענטפער. דער „טעאָרעטיקער" אין דער גרופּע האָט פון קעשענע אַרויסגענומען אַן אַלטע בראָשור פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און פון איר ציטירט, וואָס דאָרטן איז געזאָגט געוואָרן וועגן דער „יידן פראַגע".*

* דער פּרט ווערט דערציילט אין די זכרונות פון דזשאַן מיל „פּיאָנערן און בויער" ז' 107. דער חובבי־ציון־רעדנער איז געווען דער באַקאַנטער ציוניסטישער פירער וולאַדימיר טיאָמקין.

אין סאָציאַליסטישע פּראַגעס איז פאַר זיי דאַמאָלט די ליטעראַטור פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״ געווען פסול און אָפּגעלעבט, אָבער בנוגע די יידן פּראַגע איז פאַר זיי נאָך געווען גאַנץ צופרידנ־שטעלנדיק...

פון דער פאָרעדע צו א. לעסינס ווערק אין העברעאיש.

## א. ליטווין / ביי דער וויגעלע פון די פּועלי ציון

— — — דער נאַציאָנאַליזם פון „בונד״ איז תחילת געווען זייער אַ בלאַסער, כמעט אַ פאַרבלאָזער. די אינטעליגענץ פונם „בונד״ איז געווען כמעט די זעלבע, וואָס האָט פריער אָנגעפירט די אַלגעמיין־רוסישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג. זי איז געווען רוסי־פיצירט, האָט גערעדט רוסיש, געפירט איר אַגיטאַציע אויף רוסיש, געלערנט די אַרבעטער אין די קרייזלעך שרייבן און לעזן רוסיש. צו יידיש איז מען לכתחילה איבערגעגאַנגען נישט צוליב נאַציאָנאַלע איבערצייגונגען, נאָר צוליב ריין פּראַקטישע מאָטיוון. ביז וואַנען דער יידישער אַרבעטער זאָל זיך אויסלערנען רוסישע „גראַמאָטע״ האָט געדאַרפט נעמען יאָרן. אין יידיש אָבער האָט מען אים גלייך געקענט אַגיטירן, ווייל סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע איז דאָך געווען דער עיקר, און אויב דער אינטעליגענט־אַגיטאַטאָר האָט געקענט ריידן מאַמע־לשון, האָט אים דער יידישער אַרבעטער גלייך פאַרשטאַנען, ווייל ביי יידן זיינען דאָך כמעט נישט געווען קיין „בעזגראַמאָטנע״, ד. ה. אַזעלכע, וואָס זאָלן גאָרנישט קענען לעזן און שרייבן אויף יידיש. אָט אַזוי איז ביי דעם יידישן אינטעליגענט געבאָרן געוואָרן דער פּראַקטישער געדאַנק, אַז, היות, ווי דער עיקר איז דאָך די רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע, און דעם אינטעליגענט איז אַ סך לייכטער אויסצולערנען זיך ריידן מאַמע־לשון (דאָס רוב האָט

מען זיך גאָרנישט געדאַרפט לערנען, נאָר פשוט דערמאָנען זיך), ווי אויסצובילדן די מאַסע אויף רוסיש, איז מען שוין איבערגעגאַנגען פון רוסיש צו יידיש. די שפּראַך איז אָבער געווען בלויז אַ טעכנישער מיטל און האָט נישט באַזעסן קיין שום הייליקייט אַליין פאַר זיך, ווי דאָס איז געווען צ. ב. ביי די איבעריקע ערוואַכטע נאַציאָנען.

עס פאַרשטייט זיך: דער אַפּעטיט קומט מיטן עסן. און ווי מ'האָט אָנגעהויבן ריידן און שרייבן יידיש, האָט מען שוין געמוזט אויך לעזן יידיש, באַקאַנט ווערן מיט דער יידישער ליטעראַטור. פון פלוגבלעטלעך, וואָס זיינען געווען געשריבן אין אַ הילצערנעם יידיש, איז מען איבערגעגאַנגען צו אַ מאָנאַטלעכער און טעגלעכער פּרעסע, ווו דער אינטעליגענט האָט זיך געמוזט סטאַרען שרייבן אַ מער לייכטן, פאָלקסטימלעכן יידיש. אַזוי האָבן זיך פון דער האַלב־אַסימילאַטאָרישער בונדישער אינטעליגענץ מיט דער צייט אַנטוויקלט באַגאַבטע פּובליציסטן און אפילו בעלעטריסטן און פעליעטאָניסטן אין אַ זאַלציקן און פאַרביקן יידיש. אָבער דער בונדישער נאַציאָנאַליזם איז נאָך עד היום אַ נאַציאָנאַליזם פאַר פּראַקטישע צוועקן. און דערמיט איז ער נישט ענלעך געווען צו דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער באַוועגונג ביי אַנדערע שכנישע נאַציאָנען אין רוסלאַנד.

אַזוי אויך האָבן זיך די ערשטע יידישע סאָציאַליסטן נישט גערעכנט מיט די אַרומיקע באַדינגונגען. זיי האָבן דעם ריינעם מאַרקסיזם, וואָס איז געווען צוגעפּאַסט צו די שטאַרק אינדוסטריעלע און קאַפּיטאַליסטישע מלוכות, אָנגעפּאַסט אויף דעם באָדן פון יידישער קליין־קרעמעריי און פון דער יידישער מלאכה. דער שטורעם פון סטרייקן, וואָס דער „בונד" האָט אַרויסגערופן אין די ערשטע יאָרן פון זיין עקזיסטענץ אין דער יידישער גאַס האָט געדראָט צו רואינירן דעם אַזוי אויך שוואַכן באָדן פון דער האַלב־חרוב'ער יידישער עקאָנאָמיק.

דאָס איז נישט געווען קיין קלאַסן־קאַמף. וואָרום אַזוינע שאַרף קעגנגעזעצטע קלאַסן, ווי ביי די גויים, איז ביי יידן דאַמאָלסט נישט

געוועז. דאָס איז געוועזן, ווי וואַלט־ליעסין,* איינער פון די שטאַרקסטע ערשטע סאָציאַליסטישע אַגיטאַטאָרן אין יענער צייט, האָט זיך אויסגעדריקט, נישט קיין קלאַסן־קאַמף נאָר אַ קאַמף צווישן קבצן און דלפון.

וואַלט האָט אויף דער יידישער גאַס געהאַט אַ שטאַרקע השפעה אויף אַ היפשן טייל פון דער יידישער יוגנט אין זיין געבורטס־שטאָט מינסק, וואָס איז געוועזן די וויגעלע פון דער ציוניסטישער און פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, די וויגעלע פון דעם „בונד", און, כמעט אין איין צייט מיט דער אַנטשטייאונג פון „בונד", אויך פון פועלי ציוניזם. מען קען זאָגן אויף זיכער, אַז ער איז געוועזן דער פאָרלויפער פון דעם פועלי־ציוניזם. ער איז געוועזן דער ערשטער, וואָס האָט געמאַכט אַ שפּאַלטונג אין דער אָרגאַניזאַציע, פון וועלכער עס איז אַ קורצע צייט שפּעטער אַרויסגעקומען דער „בונד". ער האָט אַרויסגעבראַכט די ספּעציפישע באַדינגונגען פון דעם יידישן סאָציאַל־עקאָנאָמישן און נאַציאָנאַלן לעבן. זיינע תלמידים האָבן זיך גערופן „וואַלטאָווצעס", ווי עס איז געוועזן די מאָדע אין יענער צייט צו רופן די אָנהענגער פון אַ געוויסן אַגיטאַטאָר, וואָס האָט אַריינגעטראָגן אַ באַזונדער שטרעמונג אין דער אַלגעמיינער באַוועגונג אויף זיין נאָמען.

פון אַלע אַנדערע דאַמאָלסדיקע אַגיטאַטאָרן און פירער פון די אָרגאַניזאַציעס, פון וועלכע עס איז אַרויסגעקומען דער „בונד", האָט וואַלט פאַרנומען אַ באַזונדער אָרט. זיי זיינען כמעט אַלע, ווי אויבן איז שוין אָנגעוויזן, געקומען צו דער יידישער גאַס פון דרויסן, זיינען געוועזן רוסיפיצירטע יידישע אינטעליגענטן. ליעסין, אָבער, איז געקומען פון דער וואָלאָזשינער ישיבה, גע׳שמ׳ט פאַר אַן עלוי, אַרויסגעקומען פון אַ לומדיש בעל־הבית׳ישן שטאַנד, געוועזן דורכגעזאַפּט מיט דער בעסערער יידיש־נאַציאָנאַלער טראַדיציע. אין איכ

---

* אברהם ליעסין — שפּעטער באַרימט געוואָרן אַלס דיכטער און שרייבער. דער רעדאַקטאָר פון „צוקונפט" אין אַמעריקע און איינער פון די בויער פון דער דאָרטיקער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. געשטאָרבן אין 1938.

האָבן זיך דאַמאָלט — ער איז געווען נאָך אַ יונג בחור׳ל — האַרמאָ־ניש פאַראייניקט די העכערע נאַציאָנאַל־יידישע קולטור מיט דער בעסערער רוסישער קולטור, און די ביידע מיט דער טיפער דערהאַבענער אינטערנאַציאָנאַלער לערע פון סאָציאַליזם. אויב די איבעריקע פירער און אַגיטאַטאָרן פונם „בונד“ זיינען געקומען צו דער יידישער מאַסע פון דרויסן, וויניק באַקאַנט, נישט מיט דער יידישער געשיכטע און קולטור, נישט מיט די ספּעציפישע באַדינגונגען, אין וועלכע עס האָט געלעבט די יידישע מאַסע, איז ליעסין, פאַרקערט, געקומען צום סאָציאַליזם פון דער יידישער גאַס. ווי אַ קינד פון דעם פאַראָרימטן איידעלערן בעל־הבית׳ישן שטאַנד איז ער געבאָרן און דערצויגן געוואָרן אין דער יידישער גאַס. מיט רייכע באַאָבאַכטונגס־פעאיקייטן האָט ער זייער גוט געקענט דעם יידישן לעבן מיט זיין גאַנצן האַנדל און וואַנדל. און דעריבער איז זיין השפעה אויף דער מאַסאָווער יוגנט געווען אַ גאַנץ גרויסע.

מ׳דאַרף דאָ, אגב, באַמערקן, אַז ווען מיר ריידן וועגן דער יידישער מאַסע פון יענער צייט דאַרף מען אונטער „מאַסע“ נישט פאַרשטיין דעם נידעריקערן פאַרגרעבטן המון. מחמת דער שרעק־לעכער פאַראָרעמטקייט פון דער יידישן מיטלשטאַנד, האָבן אַ סך בעלי־בית׳ישע מענטשן געמוזט מאַכן זייערע קינדער פאַר בעלי־מלאכות. אויף אָט דעם אופן איז דער המון מיט אַ גאַנץ גרויסן טייל פונם בעל־בית׳ישן שטאַנד געווען פאַרמישט עקאָנאָמיש און צוזאַמען האָבן זיי געבילדעט די גרויסע פּראָלעטאַרישע מערהייט פונם יידישן פאָלק, וואָס מיר רופן איצט „יידישע מאַסע“.

מ׳דאַרף דאָ אויך באַמערקן, אַז וואַלט איז נישט דער ערשטער און דער איינציקער, וואָס איז געקומען צום סאָציאַליזם פון דער ישיבה און פון די העברעאישע השכלה־ספרים. שוין דער ערשטער יידישער סאָציאַליסט־אַגיטאַטאָר א. ש. ליבערמאַן * איז געקומען צום

* ליבערמאַן אהרון שמואל — 1845—1880. דער פאָטער פון יידישן סאָציאַליזם. זיך באַטייליקט אין ערשטן יידישן רעוואָלוציאָנערן קרייז אין ווילנע וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1872. אין 1876 געגרינדעט אין

סאָציאַליזם פון דער ישיבה און פון דער השכלה. און מיט אים אין איין צייט האָט געלעבט דער העברעאישער דיכטער יהל״ל (יהודה לייב לעווין), וועלכער האָט געשריבן אין העברעאישן זשורנאַל „השחר״ אַ רייע אויסגעצייכנטע סאָציאַליסטישע שירים. שפּעטער איז יהל״ל געוואָרן אַ ציוניסט. אין איין צייט מיט וואַלטן האָט געווירקט אין װיטעבסקער גובערניע אַן אַנדער בונדיסט, אַמסטערדאַם, פון דעם זעלבן טייג און פון דער זעלבער ישיבה, ווי אברהם וואַלט. אַמסטער־דאַמ׳ס רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט איז ווייניק באַקאַנט, ווייל ער איז געשטאָרבן יונג.

וואַלט האָט אָבער מיט זיין גאַנצן איינפלוס אויף אַ היפּשן טייל פון דער בונדיסטישער יוגנטלעכער מאַסע, נאָר צייט געהאַט צו שאַפן אין זיינע אָנהענגער — די „וואַלטאָווצעס״ — שטאַרקע נאַציאָנאַלע שטימונגען און אומצופרידנהייט מיט דעם האַלב־אַסי־מילאַטאָרישן בונדישן נאַציאָנאַליזם. ווערנדיק געזוכט און געיאָגט פון דער מינסקער „אָכראַנע״ (פּאָליטישע זשאַנדאַרמעריע), האָט ער געמוזט פאַרלאָזן מינסק און עמיגרירן קיין אַמעריקע. ער איז, דאַכט זיך, געווען איינער פון די ערשטע בונדיסטן־עמיגראַנטן, אויב נישט דער ערשטער בונדיסט־אינטעליגענט, וואָס האָט עמיגרירט נאָך אַמעריקע. קיין באַשטימטע פּראָגראַם פון זיינע דאַמאָלסדיקע אָנ־שויאונגען אויף דעם סאָציאַליסטישן קאַמף אין דער יידישער מאַסע האָט ער זיינע אָנהענגער נישט געלאָזן. צו יונג איז ער נאָך דאַמאָלט געווען צו שאַפן אַ קלאָרע פּראָגראַם פון זיינע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע אַנשויאונגען. און דער בונדיזם אַליין איז דאָך ערשט געווען פון זיינע וויקעלעך אַרויס. אַלנפאַלס איז, נאָך וואַלט׳ס אַוועקפאָרן פון מינסק, געווען באַקאַנט, אַז פון דעם ציוניזם

לאָנדאָן דעם ערשטן סאָציאַליסטישן פאַריין ביי יידן. אַרויסגעלאָזט די ערשטע סאָציאַליסטישע פּראָקלאַמאַציע צו דער יידישער יוגנט, און געשאַפן אַ פּראָפּעסיאָנעלן פאַריין אין לאָנדאָן „חברים כל בעלי־מלאכה״. אין 1877 אַרויס־געגעבן אין ווין די ערשטע סאָציאַליסטישע צייטונג ביי יידן „האמת״. איבער־געוואַנדערט קיין אַמעריקע. באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

איז ער געווען ווייט. אָבער, ווען וואַלט בלייבט אין מינסק, ווייניקס־טנס נאָך אויף עטלעכע יאָר, וואָלט ער געווען דער גרינדער פון דער פּועלי־ציוניסטישער באַוועגונג.

אַליין אַ מינסקער אַ געבוירענער, פון דעמזעלבן בעל־הבית׳יש לומדישן טייג דורכגעקנאָטן — ווי אַ קינד פון געפאַלענע, ד. ה. פאַר־אָרעמטע בעלי־בתים—מיט דעם לעבן פון דער יידישער מאַסע, וועלכע האָט, ווי איך האָב דערקלערט, אַסימילירט אין זיך אַ שטאַרקן פּראָ־צענט יורדים פון דעם מיטלשטאַנד, בין איך אין די יאָרן פון וואַלט׳ס טעטיקייט אין מינסק, אין מיין געבורטס־שטאָט, נישט געווען... בין געווען אַ לערער אויף קאָנדיציעס אין די הויפן פון די יידישע פּריצים אַרום מינסק, האָב כמעט אין די יינגלשע יאָרן זיך „פאַרשריבן" ביי די ציוניסטן, ד. ה. גענומען אַ שקל ביי סיראָטקינען און בענענסאָנען, וועלכע זיינען צוזאַמען מיט דעם פאַרשטאָרבענעם נופך, געווען די קעפּ פון דער מינסקער אגודה „חובבי ציון". אָבער די נייע שטורעמדיקע ווינטן האָבן זיך צו מיר דערטראָגן אין דאָרף. צופאָרנדיק אָפט אין שטאָט, האָב איך באַזוכט די פאַרזאַמלונגען פון די אונטערערדישע קרייזלעך און געפירט מיט זיך אין דאָרף „ניעליעגאַלשטשינע", ד. ה. פאַרבאָטענע ליטעראַטור. דער בעל־הבית׳ישער שקל־ציוניזם האָט מיך נישט באַפרידיקט, און איך בין אַוועק פון די ציוניסטן. די ערשטע גרויסע סטרייקן, „פּראָוואַלן" און אַרעסטן אין מינסק, האָבן אַרויסגעפירט די רעוואָ־לוציאָנערע באַוועגונג פון די אונטערערדישע קרייזלעך. די אַרעסטן, אין וועלכע עס זיינען, צו אַלעמענס שטוינען, געווען נישט בלויז אַרבעטער, נאָר בעל־הבית׳ישע און אפילו גבירישע קינדער, האָבן געגעבן דעם „בונד" אַן אונגעהויערע פּובליסיטי. דאָס איז געווען דער סיגנאַל פאַר דער דערוואַכונג פון דעם יידישן אַרבעטער. פון דעם מאָמענט אָן איז די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אַרויס אויפן גאַס, אויף דער „בירזשע".*) די באַוועגונג איז געוואָרן אַ מאַסאָווע.

* „ב י ר ז ש ע" — אַ באַשטימט אָרט פאַר טרעפונגען פון חברים פון די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען אָדער פון געוויסע פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־גרופּן

דער שטורעם האָט זיך, פאַרשטייט זיך, דערטראָגן צו מיר אין דאָרף. איך האָב שוין נישט געקאָנט איינזיצן אויף די קאָנדיציעס און בין געקומען אין מינסק.

דאָס איז געווען איינציקע מאָנאַטן נאָך וואַלט׳ס אָפּפאָרן פון מינסק. איך בין געקומען, אַזוי צו זאָגן, אויף די הייסע שפּורן, וואָס ער האָט געלאָזן אין די יוגנטלעכע מאַסן. אויף טריט און שריט האָב איך זיך באַגעגנט מיט די „וואַלטאָווצעס״. דער „בונד״ איז געווען דאַמאָלט אין זיין „גילדענער וואָך״. ער איז געוואָרן אונגעהייער פּאָפּולער. ער איז געווען אומעטום, אין יעדער יידישער הויז, אויפן צונג ביי קליין און גרויס.

און אַ מערקווירדיקער פאַקט: גראָד אין יענע טעג, אין דעם בונד׳ס טריאומפירנדן פייערלעכן אויפטריט, איז באַשאַפן געוואָרן די ערשטע שאַרפע אָפּאָזיציע צום „בונד״, איז באַשאַפן געוואָרן דער „פּועלי ציוניזם״.

איך ווייס נישט, צי עמעצער, אַ היסטאָריקער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס האָט זיך געפּרוווט אָט די דערשיינונג אָביעקטיוו צו דערקלערן. די מעשה איז אָבער זייער פשוט. צוזאַמען מיטן „בונד״ האָט זיך באַוויזן אויף דער יידישער גאַס דער פּאָליטישער ציוניזם פון הערצל, וועלכער האָט מיט זיין גוואַלדיק אימפּאָנירנדער, מאַגנעטישער פּערזענלעכקייט, מיט זיינע נייע דרייסטע וועגן, מיט זיינע וויזיטן ביים סולטאַן, ביי אייראָפּעאישע מלכים און אַנדערע גרויסע שררות, מיט זיין נייער מער דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע, איבערהויפּט מיט דער באַשאַפונג פון די ציוניסטישע אינסטיטוציעס — דער נאַציאָנאַל־פאָנד און קאָלאָניאַל־באַנק — דערוועקט גרויסע שטורעמדיקע האָפנונגען אין יידישן מיטל־קלאַס און אין דער יידישער מאַסע. דער אויפטריט פון דעם הערצלישן פּאָליטישן ציוניזם האָט פאַרכאַפּט אַלע שיכטן פון דעם יידישן פאָלק — אַ חוץ די גבירים און רבנים, און אָט דער

---

אין די שטעט פון תחום־המושב אין צאַרישן רוסלאַנד, ווי געוועגלעך — אין די אַמייסטן באַפּעלקערטע גאַסן, כדי ניט ציהען אויפמערקזאַמקייט פון דער פּאָליציי.

פאַקט, וואָס די גבירים האָבן אויפן הערצלישן ציוניזם געקוקט פון אויבן־אַראָפּ, כמעט מיט אַ שפּאָטישער גרינג־שעצונג, האָט דוקא דעם פּאָליטישן ציוניזם צוגעגעבן כמעט רעוואָלוציאָנערן אָפּשיין אין די אויגן פון דער יינגערער מאַסע. אין איר מאַכט און אימפּעט האָט די נייע ציוניסטישע באַוועגונג שטאַרק קאָנקורירט מיטן „בונד״, און דער „בונד״ האָט זיך גענומען מיט אַלע כלים באַקעמפן דעם פּאָליטישן ציוניזם, בשעת די אַלטע „חבת־ציון״ האָט אים ווייניק געאַרט.

איבערן תחום האָבן אָנגעהויבן אומפאָרן טאַלאַנטפולע פאָלקס־רעדנער־אַגיטאַטאָרן, ווי צום ביישפּיל, מאַסליאַנסקי, יעווזעראָוו און אַנדערע. אַזוי־ווי אין די געהויבענע בתי־מדרשים און שולן, ווו עס דאַווענען די גבירים און רבנים (וועלכע זיינען אויך געווען קעגן דעם ציוניזם) האָט מען דעם „מטיף לאומי״, ווי דער ציוניסטישער רייזנדער אַגיטאַטאָר האָט זיך גערופן, נישט אַריינגעלאָזן, האָבן זיי געהאַלטן זייערע רעדעס אין די אָרעמע שולן פון די בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן זיי גראָד אויפגענומען מיט גרויס ליבע און התלהבות. די רעגירונג האָט זיך אויף אָט די נייע „מטיפים״ נישט אומגעקוקט. זי האָט נישט געוווּסט דעם אונטערשייד צווישן די נייע מטיפים און די אַלטע מגידים, וועלכע האָבן געמעגט פריי, אָן אַ באַזונדער דערלויבעניש, פּריידיקן אין די שולן. אַ דאַנק אָט דער צוטומלטקייט פון דער זשאַנדאַרמעריע און פּאָליציי, וועלכע זיינען געוואָרן שטאַרק פאַרנומען מיט דער אונטערערדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און האָבן די שולן אינגאַנצן געלאָזן אָן זייער השגחה, האָט זיך דעם ציוניזם איינגעגעבן דורכצודרינגען צו די ברייטע יידישע מאַסן און אַריינציען זיי אין דער באַוועגונג.

אַ הייפל אינטעליגענץ — איך איינער פון זיי — האָבן זיך אָבער נישט געלאָזט פאַרפירן פונם ציוניסטישן שטורעם. די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט דאָך געווונען אונזער סימפּאַטיע. מיר האָבן שטאַרק סימפּאַטיזירט מיטן „בונד״, אָבער געווען אומצופרידן סיי מיט זיין טאַקטיק בנוגע דעם צו האַסטיקן עקאָנאָמישן קאַמף,

און מיט זיין פיינטלעכער באַציאונג צום ציוניזם, אַלס נאַציאָנאַלע יידישע דערוואַכונג, וועלכע מיר האָבן געפונען פאַר נאַטירלעך און נויטווענדיק. מיר האָבן געוואָלט זוכן אַ וועג צו פאַראייניקןביידע באַוועגונגען. דערצו איז געווען נויטיק אויסצוטיילן די אַרבעטער אין באַזונדערע ציוניסטישע אגודות און געבן זיי סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע. דער פּאָליטישער ציוניזם איז אונז געווען אַ סך מער סימפּאַטיש, ווי די אַלטע בעל הבית׳יש־בטלנ׳ישע „חיבת ציון". אָבער אויך דער פּאָליטישער ציוניזם האָט אונז נישט געקענט באַפרידיקן. ווייל כאָטש ער האָט אַ סך אָנגעהויבן ריידן וועגן דעמאָקראַטיע, וועגן קולטור, וועגן די מאַסן, אָבער ווייטער פון ווערטער איז עס דערווייל נישט געגאַנגען. די יוגנטלעכע מאַסע האָט זיך, אונטער דעם איינפלוס פון דעם „בונד", געריסן צום פּאָליטישן קאַמף. וואָס מער קרבנות די באַוועגונג האָט געקאָסט אַלץ שטאַרקער האָט זיך די יוגנט געריסן צום קאַמף. נאָך אַ גרעסערע נויטווענדיקייט איז געווען דער עקאָנאָמישער קאַמף. אמת, דער רוב מנין און רוב בנין פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט איז נאָך איצט, ווי פריער, געווען דער טראַדיציאָנעלער יידישער בעל־מלאכה, דער קליינער אָרימער מייסטער. עס זיינען שוין, אָבער, אויפגעשטאַנען פאַבריקן מיט אַרבעטער אויף דעם אייראָפּעישן שניט. און עס האָט זיך אויך אָנגעפאַנגען אַן עקספּלאָאַטאַציע אויף די פאַבריקן אויפן אייראָפּעישן שניט, ריכטיקער: אויפן שניט פון די אַמעריקאַנער סוועט־שעפּער. די בעסערע באַהאַנדלונג, די קירצערע שטונדן, די גרעסערע פאַר־העלטניסמעסיק שכירות, וואָס אַ גאַנצע רייע סטרייקן האָבן אויס־געקעמפט, דער עיקר די הויבונג פון דעם אַרבעטערס מאָראַלישע לאַגע — דאָס האָט צופיל געוואָרפן אין די אויגן, אַז מ׳זאָל עס קענען איגנאָרירן, אַזוי צו זאָגן, די אַרבעטער־פראַגע אין איר ברייטן פאַרנעם.

ביי אונז איז געווען סאָציאַליזם דער עיקר און ציוניזם אויך. מיר האָבן געגלויבט, אַז מ׳קען ביידע באַוועגונגען פאַראייניקן, אַז ביידע באַוועגונגען שטאַמען פון דעם זעלבן קוואַל — די אויפלעבונג

פון דעם יידישן פאָלק און זיינע שאַפנדע כוחות.

דאַמאָלט האָבן מיר, אַ פּאָר אינטעליגענטן, זיך געווענדעט צו דער מער באַוווסטזיניקער יוגנטלעכער מאַסע. דאָ האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף די „וואַלטאָווצעס", וועלכע זיינען באַלד צוגעצ־שטאַנען צו דער באַוועגונג — דערווײַלע אָן אַ נאָמען. זיי האָבן אונז צונויפגעפירט מיט די מער באַוווסטזיניקע יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן שוין געהאַט אַ סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע, געווען אונטער דער השפעה פונם „בונד", אַנדערע אונטער דער השפעה פון דעם ציוניזם, זיינען נאָך אָבער לויט דעם אויסדרוק פון יענער צייט, „ערגעץ נישט געווען פאַרשריבן". מיר האָבן געהאַט עטלעכע אסיפות אין פּריוואַטע הייזער — אין קעלערן אָדער אויף בוידעמער — און אַזוי איז געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער קרייזל ציוניסטישע סאָציאַליסטן, וואָס האָט שוין אויף איין אסיפה אין דער „בלאָטע", אין דער וווינונג פון אַ געוויסער פּרוי, אַ קרעמערקע, אויף הויכן מאַרק מיט דעם נאָמען „מעדוויעדזשיכע", געקראָגן דעם נאָמען „פּועלי ציון".

דער נאָמען „פּועלי ציון" איז מיין פּערזענלעכע דערפינדונג. עס האָבן אין די יידישע שטעט עקזיסטירט חברות פון בעלי־מלאכות מיטן נאָמען „פּועלי צדק". מיר האָבן דאַמאָלט געלעזן אין די צייטונגען וועגן אַ חברה מיט אַזאַ נאָמען אין גראָדנע, וואָס האָט אַקצעפּטירט דעם ציוניזם, ד. ה. געלאָזן ביי זיך ריידן אַ „מטיף לאומי" און געקויפט שקלים און אַקציעס. מיר האָבן אונזער „אגודה" אויך געוואָלט אַזוי אַ נאָמען געבן. אָבער דער נאָמען און דער כאַראַקטער פון דער גראָדנער חברה „פּועלי צדק", וואָס איז געווען אַ שול־חברה און, כאָטש זי האָט, ווי אַ סך אַנדערע חברות, געהאַט ביי זיך אַ „גמילות־חסד", איז אָבער איר טעטיקייט ווי די טעטיקייט פון אַלע אַזוינע חברות, באַשטאַנען פון לערנען בין מנחה למעריב משניות און „עין־יעקב". אי דער נאָמען, אי דער כאַראַקטער פון דער חברה „פּועלי צדק" האָט פאַר אונז געשמעקט צו אָרטאָדאָקסיש. און עס איז פאַר מיר נישט שווער געווען איבערצוגיין פון „פּועלי

צדק" אויף „פועלי ציון", מאָטיווירנדיק אונזער נוסח מיט צוויי טייטשן. ערשטנס, איז דער טייטש פון „פועלי ציון" פשוטו כמשמעו, אַרבעטער־ציוניסטן; צווייטנס, האָב איך זיך געסטאַרעט איינצור־טייטשן, אַז „פועלי ציון" באַדייט די אויפטוער, די אויפבויער פון ציון. מיר האָבן דערמיט געוואָלט זאָגן, אַז נאָר די אַרבעטער וועלן באמת קענען דורכפירן דעם ציוניזם, אויפבויען די נאַציאָנאַלע יידישע היים.

שפּעטער האָב איך אַליין חרטה־געהאַט אויף דעם נאָמען „פועלי ציון". אין דעם נאָמען איז געלעגן בלויז איין זייט פון אונזערע שטרעבונגען — די ציוניסטישע. דער סאָציאַליזם, וואָס איז געווען ביי אונז דער עיקר, האָט אין אים ניט געפונען קיין אויסדרוק.

אָבער דער נאָמען „פועלי ציון" איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן. האָט זיך לייכט צוגענומען. אויס קאָנספּיראַטיווע מאָטיוון איז ער אפילו געווען פאַר אונז גע׳כשר׳ט פאַר דער פּאָליציי און „אָכראַנקע", און אַ דאַנק אָט דעם נאָמען און דעם ביטערן קאַמף קעגן אונז פון „בונד", האָבן מיר געקאָנט כמעט פראַנק און פריי אָנגיין מיט אונזער סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע אין די שולן; האָבן אויפגעהאַלטן אונטער דעם נאָמען „מנין" אַ סאָציאַליסטישן קלוב אויפן הויכן מאַרק, אין סאַמע צענטער פון שטאָט.

דער „בונד" איז געווען דאַמאָלט אויף דער העכסטער מדרגה פון זיין מאַכט און רום אין דער יידישער גאַס. און די פועלי־ציון זיינען געווען די ערשטע און איינציקע שאַרפע אָפּאָזיציע צום „בונד". עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דער „בונד" אין וועמענס הענט עס זיינען געווען אַלע פרוזשינעס פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט נישט געקאָנט דולדן קיין קאָנקורענטן אויף דער יידישער גאַס. ער האָט דעריבער באַשלאָסן צו באַקעמפן און פאַרניכטן די „פועלי ציון" אום יעדן פּרייז. אין די אונלעגאַלע בלעטלעך, אין בראָשורן, אויף „סכאָדקעס", אויף ווע־טשערינקעס, אויף דער „בירזשע", אין פּריוואַטע דעבאַטן און

דיסקוסיעס — מ׳האָט נישט דורכגעלאָזן קיין איין געלעגנהייט צו באַקעמפן און פאַרניכטן די פּועלי־ציון, מ׳האָט זיי אויסגעשלאָסן פון די רעמעסלענע * קאָמיטעטן, מ׳האָט זיי נישט צוגעלאָזן צו קיין אַקטיווער ראָליע אין דער באַוועגונג.

נישט קוקנדיק אויף די אונאויפהערלעכע שטורמדיקע דעבאַטן און דיסקוסיעס, זיינען די באַציאונגען אין די מאַסן פונם „בונד" און פון די „פּועלי ציון" געווען וואַרימע, אמת חברישע. מ׳איז געגאַנגען איינע צו די אַנדערע אויף ליאַמעס, אויף פאַמיליען־שמחות. ביים געזעגן־אָוונט פון דעם שרייבער פון דידאָזיקע שורות, פאַר זיין אָפּפאָרן אין אַמעריקע (אין 1901), זיינען פון די איבער הונדערט פאַרזאַמלטע געווען אַ גוטע העלפט בונדיסטן.

שפּעטער מיט אייניקע יאָר, ווען דער קאַמף צווישן דעם „בונד" און די „פּועלי ציון" איז איבערגעגאַנגען פון דעם פלאַץ, ווו די באַוועגונגען זיינען געבוירן געוואָרן, אין די אינטעליגענטישע קרייזלעך פון זשענעווע און בערן, האָט ער שוין ביי די אינטעליגענטן, וואָס זיינען געווען אָפּגעריסן פון די מאַסן, באַקומען אַ כאַראַקטער פון גיפטיקע, שטעכיקע רייסערייען, וואָס האָבן געשטאַמט מער פון טרוקענער פּלפּוליסטיק, ווי פון ריינער סאָציאַליסטישער לאָגיק.

„צוקונפט", ניו־יאָרק

* קאָמיטעטן פון בעלי־מלאכות.

דער צוזאַמענפאָר פון די רוסישע פועלי ציון אין פאָל־טאַווע, פורים 1905, האָט נישט געקראָגן דעם נאָמען „ערשטער״, ווייל פאַקטיש האָט די פאַרטיי עקזיסטירט נאָך פינף יאָר פאַר אים און האָט פאַר דער צייט אָפּגעהאַלטן פאַרשידענע אַנדערע צוזאַמענפאָרן. די פועלי־ציוניסטישע אידייע, דער געדאַנק פון אָרגאַנישער פאַרבינדונג צווישן סאָציאַליזם און ציוניזם, האָט שוין אַ זייער חשובן עלטער, זי איז נישט קיין סך ייִנגער פאַרן סאָציאַליזם גופא, און איר ערשטער באַגרינדער איז געווען דער באַרימטער טוער פונם דייטשן סאָציאַליזם און מיטגליד פון ערשטן אינטערנאַציאָנאַל משה העס. נאָר אַ ממשותדיקע און מאָדערנע געשטאַלט האָט די גרונד־אידייע פון סאָציאַליסטישן ציוניזם צוערשט געפונען ביי אונזער הויך־געשעצטן חבר ד״ר נחמן סירקין, וועלכער וועט מיט רעכט פאַרצייכנט ווערן אין דער געשיכטע פון אונזער פאָלק אַלס גייסטיקער פאָטער פון סאָציאַליסטישן ציוניזם. — — —

פונקט ווי ד״ר סירקינס געדאַנקען האָבן זיך אַנטוויקלט לכתחילה זעלבסטשטענדיק, אָן שום צוזאַמענהאַנג מיט דער פאַר־קלונגענער און פאַרגעסענער פילאָזאָפיע פון משה העס, האָט זיך אויך אין רוסלאַנד גופא אָנגעהויבן אַ סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע באַוועגונג זעלבסטשטענדיק, אָן צוזאַמענהאַנג מיט ד״ר סירקינס אויסלענדישע פּראָפּאַגאַנדע. די ערשטע גרופּע פון סאָציאַליסטישע קלאַסנבאַוווסטע פועלי ציון אין רוסלאַנד איז אַנטשטאַנען אין נאָוועמבער 1900 אין יעקאַטערינאָסלאַוו, און אירע גרינדער זענען געווען: דער שרייבער פון דידאָזיקע שורות און שמעון דאָבין וועלכער איז דערנאָך אַוועק צו דער פאַרטיי „סערפּ״ *) און געקראָגן זיך אַ נאָמען אַלס אַ קלוגער און געשמאַקפּולער שרייבער אין ייִדיש.

מ׳וועט מיר דערלויבן נאָך אַ ביסל מער דערציילן וועגן

---

* סערפּ — ראשי־תיבות פונם רוסישן נאָמען פון די סיימיסטן.

דערדאָזיקער ערשטער אָרגאַניזאַציע פון אונזער פּאַרטיי. פון סעפּטעמבער 1900 ביז מאַי 1901 האָט דער שרייבער פון דיזע שורות וועלכער האָט געהערט צו דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין יעקאַטערינאָסלאַוו, געהאַלטן אַ סעריע פּאָרטראַגן וועגן סאָציאַליסטישן ציוניזם אין אַ זעלבסטבילדונג־קלוב פון יונגע אינ־טעליגענטע פּראָלעטאַריער („עקסטערנעס"), וועלכער האָט געציילט קרוב צו 150 מיטגלידער; און אונזער היינט באַרימטער פריינט ד"ר שמריהו לעווין *, וועלכער איז דאַמאָלסט געווען ראַבינער אין יעקאַ־טערינאָסלאַוו, האָט אין דעמזעלביקן פאַריין געהאַלטן אַ סעריע פּאָרטראַגן קעגען דער נייער אידייע. די לאַנגע און אינהאַלטסרייכע דיסקוסיע, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט אויך אַנדערע פּראָמינענטע ציוניסטישע פירער (אַלע קעגען דער פאַרבינדונג פון ציוניזם מיט סאָציאַליזם) האָט זיך אויסגעלאָזט דערמיט, וואָס דער זעלבסטבילדונגס־קלוב האָט אָנגענומען דעם נייעם שטאַנד־פּונקט און זיך אַ נאָמען געגעבן „ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַר־בעטער־פאַריין". זיין ערשטער עפנטלעכער אַרויסטריט איז געווען די אָרגאַניזאַציע פון באַוואָפנטן זעלבסטשוץ ביי דעם קליינעם פּאָגראָם, וואָס די שטאָט האָט איבערגעלעבט פּסח 1901, און דער צווייטער אַרויסטריט איז געווען אַ סטרייק פון מענער־שניידער, סוכות 1901, דאָס איז געווען דער ערשטער סטרייק פון יידישע אַרבעטער אין דערדאָזיקער גרויסער שטאָט *).

* שמריהו לעווין — אַ וויזיאַנער, אַן אַנגעזעענער ציוניסט און אַ פּובליציסט. פון די ערשטע רוסישע ציוניסטן. אַ דעלעגאַט אין דער רוסישער מלוכהשער דומע. אַ לאַנגיאָריקער חבר אין דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע. נאָכן פאַרלאָזן רוסלאַנד האָט ער וועררבירט פאַרן ציוניזם אַ סך אָנהענגער אין די אייראָפּעישע לענדער און אין אַמעריקע. אַ שטאַרק פּאָפּולערע פּערזענלעכקייט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג.

*) אין אַן אַרטיקל: „ביי דער וויגעלע פונם ציוניסטישן סאָציאַליזם" אין דער ניו־יאָרקער „וואַרהייט" פונם 13־טן מערץ 1916, דערציילט באָראָכאָוו נאָך די פאָלגנדע פּרטים.

„געוועזן בין איך דאַמאָלסט אַ מיטגליד אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַ־

**די אַלע פאַקטן ווערן איצט פאַרעפנטלעכט צום ערשטן מאָל.**
**די פאַקטן, אגב אורחא, באַווייזן, אַז די ערשטע יידישע „סאַמאָאָבאָראָנע“ *) איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון**

טיִשער פּאַרטיי און געאַרבעט אונטער דער אויפזיכט פונם יעקאַטערינאָסלאַווער סאַציאַל־דעמאָקראַטישן קאָמיטעט, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן די אומלעגאַלע צייטשריפט „יוזשני ראַבאָטשי“. — — — מיר האָבן אַגיטירט צווישן אַרבעטער, קריסטלעכע און יידישע, פאַרשפּרייטענדיק אומלעגאַלע ביכלעך.

מיין אַרבעט איז געווען צו לייענען מיט די אַרבעטער קאַפּיטלען פון א. באָגדאַנאָוו'ס פּאָפּולערן בוך „גרונדלאַגן פון עקאָנאָמישער וויסנשאַפט“ און פּאַרטייטישן עס אין פּראָסטע ווערטער, מיט לעבעדיקע ביישפּילן. איך געדענק שוין נישט וואָס האָט מיך געמאַכט פאַר אַ אַפּיקורס, און ס'האָט זיך מיר, פון אַ באַגעגעניש מיט יידישע און קריסטלעכע אַרבעטער אינאיינעם, אַנטפּלעקט דער אמת פון סאָציאַליסטישן ציוניזם. האָט דער קאָמיטעט געפונען, אַז איך האָב אַ שעדלעכן איינפלוס אויף די אַרבעטער, און לערן זיי צו טראַכטן זעלבסט־שטענדיק און מ'האָט מיך אַז שהיות אויסגעשלאָסן פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. — — —

וואָס טוט אַן אויסגעשלאָסענער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַט, וועלכער ווערט אַ ציוניסטישער אַפּיקורס? ביז איך אַוועק אין אַ גרויס זעלבסטבילדונג־פּאַריין פון יידישע סטודענטן און האָב זיי געמאַכט פאַר די ערשטע פּועלי ציון אין רוסלאַנד. מנחם־מענדל אוסישקין, דער מורשה פון יעקאַטערינאָסלאַווער ציוניסטישן ראַיאָן, איז געווען אַ שטאָל און אייזערנער ייד, ער פלעגט זיך באַרימען אַז ער וווינט אויפן ראָג פון דער „אייזערנער“ און דער „האַרטנעקיגער“ גאַס. זיין הויז איז טאַקע געווען „נאַ אוגלו זשעלעזנאַי אוליצי אי אופּאָרנאַי אוליצי“, אַזוי האָבן די גאַסן געהייסן גאָרנישט אין שפּאַס. האָט אוסישקין דערקלערט שטרענג און קאַטעגאָריש: אַזאַ אַפּיקורס וועל איך נישט דערלאָזן! און ד"ר שמריהו לעווין, דאַמאָלסט געזעלשאַפטלעכער ראַבינער אין יעקאַטע־רינאָסלאַוו, איז אויך נישט געווען איינפאַרשטאַנען מיט מיין סאָציאַליסטישן אויפטו, נאָר לויט זיין שטענדיקער פיינער און קולטורעלער מאַניר, האָט ער געפּרוווט צו ווירקן מיט גוטן, מיט איבערצייגונג. אַליין געקומען אין דעמזעל־ביקן אַפּיקורסישן זעלבסטבילדונג פּאַריין און האָט דאָרט געהאַלטן אַ סעריע פאָרטראַגן קעגן סאָציאַליסטישן ציוניזם.

די יונגוואַרג האָט אָבער נישט געפאָלגט די עלטערע מענטשן. דער פּאַריין האָט אָנגענומען מיין פאָרשלאָג און זיך אַ נאָמען געגעבן „ציוניסטיש־סאָציאַ־ליסטישער אַרבעטער־פּאַריין“.

*) זעלבסטשוץ.

די פועלי ציון נאָך דריי און אַ האַלב יאָר פאַרן „בונד" (אין האָמעל, סעפּטעמבער 1903).

איצט לאָמיר בקיצור איבערבליקן די געשיכטע פון דער באַ־וועגונג פון 1901 ביז 1906.

דעם נאָמען „פועלי ציון" האָט זיך צוערשט געגעבן אַ פאַריין אין מינסק (1897), אונטער דער פירונג פון דעם היינט באַקאַנטן ליטע־ראַט א. ליטווין *, בערגער ** און רובענטשיק ***, נאָר דערדאָזיקר פאַריין האָט אָפּגעלייקנט דעם סאָציאַליסטישן קלאַסן־שטאַנדפּונקט בנוגע צום גלות. דאָס איז דער אורשפּרונג פון די אַזוי גערופענע „מינס־קער פועלי ציון", וואָס האָבן זיך אין 1907־טן יאָר פאַרייניקט מיט די טעריטאָריאַליסטן. אַ סאָציאַליסטישער פאַריין מיטן נאָמען „פועלי ציון" איז אונטערן איינפלוס פון יעקאַטערינאָסלאַוו און פּאָלטאַווע אַנטשטאַנען אין 1902־טן יאָר אין אָדעס, און אין גיכן זענען שוין אין גאַנץ דרום־רוסלאַנד געווען צעוואָרפן גרופּן און אָרגאַניזאַציעס

---

* א. ליטווין, דער ליטעראַרישער פּסעוודאָנים פון ש. הורוויץ, איז באַרימט געוואָרן באַזונדערס דורך זיין זעכסבענדיקן בוך „יידישע נשמות" וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט האַרציקער ליבע צום יידישן מענטשן.

** יצחק בערגער — געבאָרן 1876 אין מינסק, פאָרזיצענדער פונ'ם ערשטן צ. ק. פון פוע"צ אין מינסק (א. נ. „מינסקער טאָלק"). פון די גרינדער פון דער „דעמאָקראַטישער פראַקציע" אויפן 5־טן ציוניסטישן קאָנגרעס. אַז די מינסקער פוע"צ האָבן זיך אַנטשיידן, נאָכן 6־סטן קאָנגרעס, פאַרן טעריטאָריאַ־ליזם, האָט ער זיי פאַרלאָזן און איז געוואָרן אַן אַלגעמיינער ציוניסט. 1920 — פאָרזיצער פונם יידישן נאַציאָנאַל־ראַט אין ווייסרוסלאַנד, שפּעטער אַקטיוו אין דער ציוניסטישער אַרבעט אין פּוילן און בעסאַראַביע. געשטאָרבן 1946 אין ארץ־ישראל.

*** רובענטשיק אברהם — 1868—1943. פון די גרינדער פון פועלי־ציון. געבוירן אין מינסק. פון 1914 אין אַמעריקע. געהערט צו די גרינדער פון יידישער קאָלאָניע אין אַמעריקע, וועלכע האָט געשטרעבט צו קאָלעקטיוויזם און יידישער קולטור. ער האָט געשריבן וועגן ציוניסטישע און טעריטאָריאַליס־טישע פראַגן.

פון דער נייער שטרעמונג, וועלכע האָט אַרויסגעגעבן אַן אייגענעם אונלעגאַלן אָרגאַן אין רוסיש אין 1902־טן יאָר. — אַן אינטערע־סאַנטע אָרגאַניזאַציע פון סאָציאַליסטישע פועלי ציון איז אַנט־שטאַנען אַרום 1902־טן יאָר אין וויטעבסק, ווו איר טעאָרעטיקער איז געווען הירש ז., אַ מענטש פון אויסערגעוויינלעכער דענקער־קראַפט און אויסערגעוויינלעך טראַגישן שיקזאַל. פון וויטעבסק איז דער פועלי־ציוניזם אין 1903—1905 אַריינגעדרונגען אינם ראַיאָן פון „בונד" און זיך פאַרשפרייט איבער ליטע און פוילן.

אין יאָר 1903 האָט זיך די באַוועגונג פאַרבונדן מיט איר גייסטיקן פאָטער ד"ר נ. סירקין דורך זיין אָרגאַן „דער המון". אַ יאָר שפּעטער איז אַנטשטאַנען די גרופּע „וואָזראָזשדעניע" * מיט איר אינטערעסאַנטן זשורנאַל, וועלכער האָט אָבער שפּעטער אַריינגע־טראָגן אין דער פּאַרטיי די אומגליקלעכע שפּאַלטונג.

האַלטן מיר שוין ביי די שפּאַלטונגען, וועלכע האָבן אין 1904 ביז 1906 יאָר צעריסן די יונגע באַוועגונג אויף שטיקער. די אוגאַנדע־פראַגע האָט דערוועקט טעריטאָריאַליסטישע נייגונגען אין אַ גרויסן טייל פון די יונגע פאַריינען, אפילו דער פאָרקעמפער פון סאָציאַליסטישן ציוניזם ד"ר סירקין, איז אויף אַ לענגערער צייט הינגעריסן געוואָרן פון דער טעריטאָריאַליסטישער שטרעמונג. די טעריטאָריאַליסטישע פאַריינען האָבן זיך אָפּגעשפּאָלטן אין יאַנואַר 1905, אויף זייער ערשטן גרינדונגס־צוזאַמענפאָר אין אָדעס, ווו זיי האָבן זיך אַ נאָמען געגעבן „ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אַרבע־טער־פּאַרטיי". אין אויגוסט 1905 הויבט זיך אָן אַ צווייטע שפּאַלטונג, על פי איניציאַטיוו פון דער גרופּע „וואָזראָזשדעניע", וועלכע האָט באַטאָנט די סיימיסטישע, ד. ה. נאַציאָנאַל־אויטאָנאָמישע זייטן פון פועלי ציוניזם און אָפּגעוואָרפן ארץ־ישראל צוזאַמען מיט דער גאַנצער ציוניסטישער אַרבעט.

---

* די סיימיסטן האָבן אַרויסגעגעבן דעם זשורנאַל „וואזראזשדעניע" (אויפלעבונג).

און אויף דער קיעווער קאָנפערענץ פון די פּאַלעסטינישע פועלי־ציון, אין יולי 1905, האָט זיך קאָנסטיטואירט די „יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פּועלי ציון", וועלכע האָט באַלד נאָך דעם געשיקט צום זעקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל 47 דעלעגאַטן. באַלד נאָכן קאָנגרעס האָבן זיך די מערסטע דעלעגאַטן צונויפגעקליבן אין ציריך און אויסגע־קליבן אַ צענטראַל־קאָמיטעט. נאָר דאָרט האָט זיך שוין געלאָזט פילן דער סיימיסטישער איינפלוס, און דער צ. ק. האָט נישט דער־בליקט די וועלט. אין דעצעמבער 1905 איז די שפּאַלטונג פולשטענ־דיק דורכגעפירט געוואָרן, אויף דער העכסט־דראַמאַטישער קאָנ־פערענץ אין בערדיטשעוו, און כמעט גלייכצייטיק זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן צוויי גרינדונגס־צוזאַמענפאָרן: אונזערער אין פּאָלטאַווע און אַ סיימיסטישער — אין קיעוו.

מיר האַלטן אַלזאָ ביי יענער גרויסער היסטאָרישער געשעע־ניש פאַר אונזער באַוועגונג, דעם אַלרוסישן גרינדונגס־צוזאַמענ־פאָר פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי פועלי ציון, וועלכער האָט ענדלעך געמאַכט אַ סוף צו אַלע שפּאַל־טונגען *).

געעפנט האָט ער זיך ערב פּורים תרס"ו (סוף פעברואַר 1906), אין פּאָלטאַווע, אין אָנוועזנהייט פון 30 דעלעגאַטן, געהיים אין אַן ענגער דושנער שטיבל פון אַ יידישער בעקעריי אונטער דער שטאָט. זיבן טעג און זיבן נעכט זענען מיר געזעסן און געשלאָפן דאָרטן, נישט אַרויסגעגאַנגען פון די פיר ווענט, כדי די צאַרישע פּאָליציי זאָל אונז נישט באַמערקן. די טיפּסטע טעאָרעטישע פראַגן און די שווערסטע אָרגאַניזאַציאָנס־פּראָבלעמען זענען גרינדלעך, מונטער און מיט ענטוזיאַזם באַהאַנדלט געוואָרן אין אָט די ווייניק־וואָס „קאָמפאָרטאַבעלע" באַדינגונגען, ביז די פּאָליציי האָט אונז

*) אין אַן אַרטיקל „10 יאָר יידישער סאָציאַליזמוס", „וואַרהייט", 5־טער דעצעמבער 1905, דערציילט באָראָכאָוו, אַז די פּאַרטיי האָט דעמאָלסט געהאַט 16.000 גוטשטייענדע מיטגלידער.

פאָרט דערטאַפּט, און מיר האָבן זיך געמוזט בחפזון אַריבערפּעקלען אין אַ האָטעל אין מיטן שטאָט.

אונזער „ריקצוג״ איז פאָרגעקומען „אין פולשטענדיקער אָרדנונג״, אַזוי אַז דער שונא האָט נישט פאַרכאַפּט קיין איינציקן „קריגס געפאַנגענעם״. און אונזער קליינע אַרמיי האָט דריי טעג גאַנץ רואיק פאָרגעזעצט איר אַרבעט אין האָטעל, וועלכן מיר האָבן פאַרכאַפּט מיט געוואַלט, שטרענג אָנזאָגנדיק דעם באַלעבאָס קיין אַנדערע געסט נישט אויפצונעמען. אָבער אויך אין האָטעל האָט מען ענדלעך אונז אויסגעשפּירט, און אין די הענט פון שונא זענען אַריינגעפאַלן צוויי קריגס־געפאַנגענע, נאָר אַלע פּראָטאָקאָלן און דאָקומענטן זענען באַצייטנס געבראַכט געוואָרן אין זיכערהייט.

אָנגעלערנט פון דעם פריערדיקן פּסק, האָבן מיר שוין לכתחילה פאַרענדיקט די וויכטיקסטע אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט, אויסגעקליבן דעם ערשטן צענטראַל־קאָמיטעט און חוץ דעם אויסגעקליבן אַ ספּעציעלע טעאָרעטישע קאָמיסיע אויסצואַרבעטן דאָס פאַרטיי־פּראָגראַם.

די טעאָרעטישע קאָמיסיע האָט זיך באַלד נאָכן דורכפאַל אויסבאַהאַלטן אין אַ קליין שטעטל פון פּאָלטאַווער גובערניע און אויסגעשפּירט דאָרט פון די צאַרישע מרגלים, האָט זי זיך אַריבערגעפּעקלט קיין סימפּעראָפּאָל, ווידער לאָזנדיק אין די לאַפּעס פון דער רעגירונג צוויי געפאַנגענע.

דער רעזולטאַט איז געווען: די טעאָרעטישע קרעפּטיקונג פון דער פאַרטיי. איינער פון די באַשלוסן פון צוזאַמענפאָר איז געווען: צו גרינדן דעם אַלוועלטלעכן פאַרבאַנד פועלי ציון.

*

די רוסישע פועלי ציון האָבן אין לויף פון די צען יאָר געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער אַלוועלטלעכער פועלי ציון באַוועגונג. אונזער פאַרטיי אין ארץ־ישראל איז געוויסערמאַסן אַ פּראָדוקט פון דער רוסישער פאַרטיי. אין איר גרינדונג און אָנפירונג האָבן אָנטיילגענומען די זעלבע חברים, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט

אויך די באַוועגונג אין רוסלאַנד. רוסלאַנד האָט סיסטעמאַטיש געגעבן רעדאַקטאָרן פאַר אַלע פאַרטיי־צייטשריפטן אין עסטרייך, אַמעריקע, ענגלאַנד, ארץ־ישראל און אַרגענטינע. רוסלאַנד איז אַ לאַנגע צייט געווען יענער הויך־אויוון, אין וועלכן ס'האָט זיך אויסגעשמאָלצן, קריסטאַליזירט און אויסגעשמידט דער פועלי ציוני־ניסטישער געדאַנק פאַר גאָר דער וועלט.

די אָפגעשפּאָלטענע טיילן, די ס. ס. און די ס״ימיסטן, וואָס האָבן אין אָנהויב ווייט איבערגעשטיגן די פועלי ציון ס״י אין אויסערלעכן גלאַנץ, סיי אין אינטעליגענטע כוחות, זענען אין גיכן אונטערגעגאַנגען און פאַרלוירן יעדן איינפלוס אויף דער יידישער גאַס, ווייל אַלעס לעבנספעאיקע פון זייערע פּראָגראַמען איז סיי ווי אַנטהאַלטן אין דער פּראָגראַם פון די פועלי ציון. די לעצטע האַלטן אין איין וואַקסן, אין צאָל און נאָך מער אין איינפלוס, און נישט ווייט איז דער טאָג, ווען די פועלי ציון וועלן איבערנעמען די פירערשאַפט איבערן גאַנצן יידישן אַרבעטער־קלאַס.

דאָס איז די גרויסע היסטאָרישע פרוכט פון יענער קליינער באַהאַלטענער אסיפה אין דער שטויביקער, הייסער בעקעריי, אונטער שטענדיקער סכנה פון אַ פּאָליציי־אָנפאַל.

## י. בן־צבי / דער גרינדונגס־פּעריאָד פון פּ. צ. אין רוסלאַנד

דידאָזיקע תקופה, ביי וועלכער מיר האַלטן איצט, איז די תקופה פונם אָנהויב פון דער קאָנסאָלידירונג פון דער פועלי ציוניסטישער אָדער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג. פאַריי־נען און אָרגאַניזאַציעס האָבן אַרויסגעשפּראָצט פון זיך אַליין גלייכ־צייטיק אין אַלע עקן פון רוסלאַנד און מחוץ רוסלאַנד: אין ווילנע, וואַרשע, אָדעס, מינסק, קרים, יעקאַטערינאָסלאַוו, ראָסטאָוו, און צענטראַל־רוסלאַנד א. א. וו.

אַלע דידאָזיקע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך דיפערענצירט לויט

זייערע אָנשויאונגען און מאָטיוון, און נאָר דער איינציקער צענטראַ־לער געדאַנק — דער פּראָלעטאַרישער ציוניזם, די פאַרייניקונג פון די צוויי שטרעבונגען, ציוניזם און סאָציאַליזם, צו אַן איינהייט — האָט זיי צונויפגעגאָסן אין אַ באַזונדערער באַוועגונג, וואָס איז געווען אַנדערש ווי די גאַנץ אַסימילאַטאָרישע אָדער דריטל און פערטל־אַסימילאַטאָרישע פּראָלעטאַרישע באַוועגונג פון איין זייט, און די אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע באַוועגונג, וועלכער ס׳האָט געפעלט יעדע פאַרשטענדניש פאַר קלאַסן־אינטערעסן און יעדע סאָציאַלע באַזירונג — פון דער צווייטער זייט. דער רוב פאַריינען זענען שוין דאַמאָלט געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „פועלי ציון״.

דידאָזיקע פועלי ציוניסטישע באַוועגונג האָט זיך פונאַנדער־געטיילט לויט דריי מאָמענטן: ערשטענס, לויט איר שטעלונג צום פּאָליטישן קאַמף „אויפן אָרט״. לויטן דאַמאָלטיקן פּאַרטיי־זשאַרגאָן האָבן זיך די חברים בכן צוטיילט אין פ״ק־יסטן (ראשי תיבות פון פּאָליטישן קאַמף) און אַנטי־פ״ק־יסטן. צווייטנס, לויט דער שטעלונג צו דער פראַגע וועגן דער נאַציאָנאַלער שפּראַך — העברעאיסטן און אידישיסטן, דריטנס, לויט דער שטעלונג צו ארץ־ישראל און אוגאַנדע (נאָך א קורצער צייט האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון אוגאַנדע די „טעריטאָריע״).

איך מוז דאָ נאָך דערמאָנען צוויי עיקרים, צוליב וועלכע די באַוועגונג האָט זיך פונאַנדערגעטיילט: אין דער שטעלונג צום ציוניסטישן קאָנגרעס און צו דער סאָציאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג. אָבער די חילוקי־דעות בנוגע דעם קאָנגרעס זענען געקומען צום אָפענעם אויסדרוק ערשט אין אַ שפּעטערער תקופה, און דער אונ־טערשייד אין דער וועלט־אַנשויאונג (סאָציאַליסטישער, סאָציאַל־דעמאָקראַטישער, מאַרקסיסטישער, רעוויזיאָניסטישער) האָט אפילו געשפּילט אַ וויכטיקע, אָבער דאָך נישט קיין אַנטשיידנדיקע ראָלע. באַזונדערס איז אָפּגעווישט געוואָרן די באַדייטונג פון דידאָזיקע אידעאָלאָגישע חילוקי־דעות, זינט דער „סיימיזם״ איז געקומען אויף דער וועלט.

די ערשטע פאָרמאַציע, וואָס האָט זיך באַלד קאָנסאָלידירט, איז געווען די מינסקער ריכטונג, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר נעגאַטיווער שטעלונג צום פּאָליטישן קאַמף. זי האָט זיך באַגרעניצט בלויז מיט עקאָנאָמישער טעטיקייט און האָט זיך גע־וואָלט האַלטן ווייט פון פּאָליטיק; אין דעם פּרט האָבן די מינסקער נישט געווונען כמעט קיין שום אָנהענגער אין די פאַרשידענע טיילן פונם תחום און זענען געבליבן פאַראייזאַמט. אַלע איבעריקע פאַריינען זענען געווען געשטימט פאַרן פּאָליטישן קאַמף.

די צווייטע מחיצה איז, ווי געזאָגט, געווען די שפּראַכלעכע, אַ סך פאַריינען, דער עיקר אין ליטע, זענען געווען העברעאיסטישע, ד. ה. זיי האָבן אונטערגעשטראָכן, אַז העברעאיש איז די נאַציאָנאַלע שפּראַך. אַנדערע — ווי למשל, די מינסקער ריכטונג, און דוכט זיך אויך די פּוילישע חברים, זענען געווען מער גענייגט צו יידיש. אין אוקראינע, ווי למשל, אין פּאָלטאַווע און, אויב כ׳האָב נישט קיין טעות, אין יעקאַטערינאָסלאַוו, איז געווען אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו העברעאיש, הגם דאָרט איז קיינמאָל נישט געווען קיין נעגאַטיווע שטעלונג צו יידיש. אָבער דעם אמת מוז מען זאָגן, אַז אין דרום־רוסלאַנד (פּאָלטאַווע, קרים) זענען דאָס אַלץ געווען אַבסטראַקטע פראַגן, ווייטע פון דער קאָנקרעטער ווירקלעכקייט. וואָרום די הערשנדיקע שפּראַך צווישן די יידישע מאַסן איז געווען נישט העברעאיש און נישט יידיש, נאָר — רוסיש.

דער דריטער מאָמענט, וואָס האָט צוטיילט די באַוועגונג, איז געווען די פראַגע: „ציון אָדער טעריטאָריע". זי האָט צוריסן די באַוועגונג אין צוויי טיילן, וואָס זענען כמעט נישט געווען פאַרבונדן צווישן זיך. דער ערשטער וואָס האָט באַוויזן זיך צו אָרגאַניזירן איז געווען דער טעריטאָריאַליסטישער טייל, וועלכער האָט אין זיין צייט אַרויסגעגעבן די באַקאַנטע „דעקלאַראַציאָן", וואָס די „פּאַ־לעסטינישע" פּועלי ציון פלעגן זיי רופן אויף ליצנישן לשון „דאָס ס.ס.־ישע בענטשערל", צוליב דעם מיניאַטור־פאָרמאַט, אין וועלכן זי איז געווען געדרוקט. דאָס באַווייזן זיך פון די טעריטאָריאַליס־

טישע ס.ס. (ציוניסטן־סאָציאַליסטן) אין אַן אָרגאַניזירטער פאָרם האָט איבעראַשט די „פּאַלעסטינישע" פועלי ציון, ווייל די לעצטע האָבן נאָך נישט באַוויזן זיך צו אָרגאַניזירן. אַ דאַנק דעמדאָזיקן ביישפּיל האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון אָרגאַניזירונג ביי די „פּאַלעסטינישע" פועלי ציון: אין פּאָלטאַווער גובערניע, אין פוילן, ליטע, קרים, אין דרום־מערבדיקן ראַיאָן. שווער איז אויך געווען די אויפגאַבע פון די „פּאַלעסטינישע" פועלי ציון, וואָרום אומעטום האָבן זיי געהאַט אַ דאָפּלטע און דרייפאַכע מלחמה: אין ליטע מיטן „בונד" און מיט די „מינטשוקעס" (מינסקער פועלי ציון וואָס זענען געווען קעגן פּאָליטישן קאַמף), אין פוילן מיטן „בונד" און מיט די פּ.פּ.ס., אין דרום־רוסלאַנד מיט די „איסקרא" * און מיט די ס.ר., און אויפן גאַנצן פראָנט איז נאָך צוגעקומען אַ נייער שונא — אַ ציוניסטישע אַנטי־פּאַלעסטינישע פּאַרטיי, די פּאַרטיי ס.ס. און אַזוי האָט זיך אין דערדאָזיקער מלחמה און אונטער דעמדאָזיקן דרוק אַנטוויקלט אַ טיפער אינערלעכער פּראָצעס, די קאָנסאָלידאַציע פון די אינערלעכע כוחות צו איין ארץ־ישראלדיקער פועלי ציון פּאַרטיי.

אין יענעם מאָמענט האָט זיך געדאַרפט צונויפקומען דער זיבעטער ציוניסטישער קאָנגרעס, דער ערשטער נאָך הערצלס טויט און נאָך אוגאַנדע. בעת דעמדאָזיקן קאָנגרעס, אויף וועלכן ס'האָבן זיך באַגעגנט פועלי ציון פון אַלע ריכטונגען און פון אַלע לענדער, איז אויף דער באַראַטונג אין ציריך געלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר אַ פאַראייניקטער פּאַרטיי. אין דערדאָזיקער באַראַטונג האָט זיך באַטייליקט אויך באָראָכאָוו. דאַמאָלט, גלויב איך, איז ביי אים

* א י ס ק ר א — אַן אומלעגאַלע רוסישע סאָציאַליסטישע צייטונג, וועלכע האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין 1900, זי איז רעדאַגירט געוואָרן דורך לענינען, מאַרטאָווין, פּלעכאַנאָווין און אַנדערע. נאָך דער שפּאַלטונג צווישן די באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס איז זי רעדאַגירט געוואָרן דורך לענינען. די „איסקרא"־אָנהענגער האָבן שטאַרק באַקעמפט יעדע פאָרם פון זעלבסטשטענדיקייט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

געבוירן געוואָרן דער אינערלעכער באַשלוס, צו פאַרבינדן זיין גורל מיט דעם גורל פון דער נייער באַוועגונג, פון דער „פּאַלעסטינישער" פועלי ציון פאַרטיי.

אין יענעם מאָמענט האָט אָבער די יונגע באַוועגונג באַקומען אַ שטאַרקן קלאַפּ פון אינווייניק, אַ קלאַפּ, וואָס האָט געדראָט זי חרוב צו מאַכן און פאַרטיליקן. דאָס איז געווען אַ נייע שפּאַלטונג אינערהאַלב דער פועלי ציון פאַרטיי. ס'האָט זיך געשאַפן די פאַרטיי סיימיסטן אָדער י. ס. (יידישע סאָציאַליסטן). דידאָזיקע פאַרטיי איז געשאַפן געוואָרן דורך אַ זיווג פון צוויי עלעמענטן: פון איין זייט די אינטעליגענץ פון דעם קרייז, וואָס איז געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „אויפלעבונג" („וואָזראָזשדעניע"), על פי רוב סטודענטן, וועלכע האָבן באַקומען זייער בילדונג אין אויסלענדישע אוניווער־זיטעטן, און פון דער צווייטער זייט אַ גרויסער טייל פון דער אַרבעטער־מאַסע, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן די פועלי ציון. די סכנה פון דעמדאָזיקן קלאַפּ איז געווען גרעסער ווי די סכנה פון די ס.ס. די לעצטע זענען לכל הפחות געווען באַקאַנט מיט זייער קלאָרער, נעגאַטיווער שטעלונג צו ארץ־ישראל, און די מאַסע האָט אויף זיי געקוקט ווי אויף קעגנער און געוווּסט זיך צו רעכענען מיט זיי ווי מיט אַזעלכע. די סיימיסטן אָבער האָבן קיינמאָל נישט צוגעגעבן זייער נעגאַטיווע שטעלונג צו ארץ־ישראל, נאָר פאַרקערט, זיי האָבן הויך פּראָקלאַמירט, אַז אין זייערע רייען איז דאָ פּלאַץ פאַר עקסטרעמע פּאַלעסטיניסטן, פּונקט ווי פאַר עקסטרעמע טעריטאָריאַ־ליסטן. ביי זיי איז נאָך נישט געקומען די צייט צו פאַרענטפערן דידאָזיקע פראַגע: ארץ־ישראל אָדער טעריטאָריע, און זי שטייט נישט אויפן סדר־היום, כל זמן מיר האָבן נאָך נישט דערגרייכט די נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע. דידאָזיקע אויטאָנאָמיע איז, סיי צייטלעך, סיי לאָגיש אַ פאָרבאַדינג פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דער טעריטאָריעלער אויטאָנאָמיע, אַלץ איינס, צי זי וועט פאַרווירקלעכט ווערן אין ארץ־ישראל אָדער אין אַן אַנדער לאַנד. דער קאַמף מיט די י. ס. איז געווען אַ סך שווערער ווי דער קאַמף

מיט די ס.ס. אין זיין צייט. די ס.ס. האָבן קאָקעטירט מיט זייער אָרטאָדאָקסאַל־מאַרקסיסטישער שטעלונג צו דער גאַנצער נאַציאָנאַלער פראַגע, בשעת די י. ס. האָבן, פאַרקערט, אונטער־שטראָכן די נאַציאָנאַלע זייט פון זייער פראָגראַם, זיך אַ סך פאַרנו־מען מיטן נאַציאָנאַלן פראָגראַם אין גלות און פראָקלאַמירט אַן אומברחמנותדיקן קאַמף קעגן דער גאַנצער אַסימילאַציע פון „איסקרא" און פ.פּ.ס. און קעגן דער האַלבער אַסימילאַציע פונם „בונד". דאָס אַלץ האָט זיי פאַרשאַפט אַ גוטן נאָמען צווישן די מאַסן פון די פועלי ציון, און אין משך פון אַ קורצער צייט האָבן זיי געוווּנען אַ העלפט פון דער פאַרטיי־אָנהענגערשאַפט. די פועלי ציון זענען געשטאַנען פאַר דער סכנה נישט נאָר פון אַ שפּאַלטונג, נאָר פון אַ פולער צעפאַלונג.

צו די אַלע אויבן־דערמאָנטע שונאים איז בכן צוגעקומען נאָך אַ קעגנער, וואָס איז געווען געפערלעכער פון זיי אַלע. און אין דעמדאָזיקן פראָצעס פון אינערלעכער מלחמה קעגן דער ליקווי־דאַציע פונם פאַלעסטיניזם, פונקט ווי אונטערן דרוק פון דער אויסערלעכער מלחמה קעגן דער אַסימילאַציע, איז די פאַרטיי פועלי ציון אַרויס געלייטערט און געשטאַרקט.

באָראָכאָוו איז צוריקגעקומען פונם זיבעטן ציוניסטישן קאָנ־גרעס, וווהין ער איז געפאָרן צוזאמען מיט זיין פרוי ליובע, פונקט צו דער ריכטיקער צייט, ווען עס האָט אויסגעבראָכן די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע און די כוואַליע פון פאָגראָמען, וואָס איז געקומען נאָך איר. פאַרנדיק קיין אויסלאַנד איז באָראָכאָוו נאָך געשטאַנען אין די רייען פונם אַלגעמיינעם ציוניזם. קומענדיק צוריק האָט ער זיך גלייך געשטעלט אין די רייען פונם פראָלעטאַרישן ציוניזם און געמאַכט פאַר זיין ציל די פאַרשטאַרקונג פון דידאָזיקע רייען, וואָס זענען צעבראָכן געוואָרן דורכן לעצטן פאַרראַט פון די סיימיסטן.

אָפיציעל האָט זיך באָראָכאָוו אָנגעשלאָסן אָן דער פאַרטיי אויף דער ראַיאָן־באַראַטונג אין פּאָלטאַווע (נאָוועמבער 1905), ווו

ער האָט זיך שטאַרק באַטייליקט אינם אויסאַרבעטן דאָס נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי. די פּאָלטאַוועזער באַראַטונג איז געווען אַ ווענד־פּונקט אינם גורל פון דער פּאַרטיי. זי האָט געגעבן אַ נייעם שטויס דער מלחמה מיט דער סיימיסטישער ליקווידאַציע און געשאַפן אַ נייע סטראַטעגישע פעסטונג פאַרן פּראָלעטאַרישן פּאַלעסטיניזם. זי האָט נישט בלויז אָרגאַניזירט אַ נייעם פּועלי־ציוניסטישן ראַיאָן, נאָר געגעבן נייע לאָזונגען און געשאַפן אַ נייע קאַמף־טריבונע, דעם רוסישן זשורנאַל „יעווריעיסקאַיאַ ראבאָטשאיא כראָניקאַ“, וועלכער איז פון אָנהויב געווען בלויז דער אָרגאַן פונם פּאָלטאַוועזער ראַיאָן, און שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צענטראַלן אָרגאַן פון דער באַוועגונג אין רוסלאַנד. אויף דערדאָזיקער באַראַטונג, וואָס איך בין געווען איינער פון אירע צונויפרופער און אָנפירער, האָב איך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיין יוגנט־פריינט בער באָראָכאָוו אַלס פּאַרטיי־חבר.

באַלד נאָך דער באַראַטונג האָט זיך באָראָכאָוו מיט זיין גאַנצן פרישן יוגנט־כוח אַריינגעוואָרפן אין קאַמף קעגן די ס.ס. און סיימיסטן. זיין עיקר־ציל איז נאַטירלעך געווען נישט דער צונויפשטויס אָן און פאַר זיך און דער ווערטער־נצחון, נאָר אַ סך אַ וויכטיקערע זאַך, די צוגרייטונג פונם אַלרוסלענדישן צוזאַמענפאָר און די קאָנסטיטואירונג פון דער אַלרוסלענדישער פּאַרטיי.

דאָס איז געווען אין סאַמע ברען פון דער רעוואָלוציע. בעת דער פּאָלטאַוועזער באַראַטונג האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער פּאָליטישער סטרייק (די ערשטע האָבן אָנגעהויבן סטרייקן די באַן־אַרבעטער). באַלד האָט אָבער אויסגעבראָכן אַ רייע בלוטיקע פּאָגראָמען אויף די יידן. מיר איז אויסגעקומען צו זען מיט מיינע אייגענע אויגן די רעזולטאַטן פונם שרעקלעכן פּאָגראָם אין יעקאַטערינאָסלאַוו. איך בין אָנגעקומען אַהין צוליב פּאַרטיי־ענינים אויף מאָרגן נאָכן פּאָגראָם און האָב זיך באַטייליקט אין דער לויה פון זיבעציק פּאָגראָם־קדושים.

פון פּאָלטאַוואַ זענען מיר, באָראָכאָוו און איך, געפאָרן אַלס

דעלעגאַטן פון דער באַראַטונג צו דער קאָנפערענץ פונם דרום־מערב־ראַיאָן, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין בערדיטשעוו אין דעצעמבער 1905. אַהער זענען געקומען פאַרטרעטער פון פּועלי ציון פון די ראַיאָנען קיעוו, פּאָדאָליע, וואָלין און בעסאַראַביע. אונטער אויסערגעווענלעכע באַדינגונגען איז די באַראַטונג זיך צונויפגעקו־מען: בעת אין דרויסן זענען אַרומגעפלויגן די ווילדע חיות, די קאָזאַקן, און זיך נאָכגעיאָגט נאָך יעדן, וואָס האָט זיך דערזעגט שפּעט אין אָוונט אַרויסצוגיין אין גאַס און איז שוין דערמיט אַליין געוואָרן חשוד, אַז ער האָט אַ שייכות צו די „דעמאָקראַטן״, האָבן מיר זיך צונויפגעקוועטשט אין אַ קליין צימערל און ביים שיין פון אַ צאַנקענדיקן ליכטל האָבן מיר טעג און נעכט פאַרבראַכט איז טעאָרעטישן קאַמף.

באָראָכאָוו איז גראָד דאַן געווען שווער קראַנק און האָט געמוזט ליגן אין בעט. די טעג זענען געווען קאַלטע און נאַסע, און די נסיעה איז פאַר אים געווען געפערלעך. אָבער ווער ווערט דאָס זיך רעכענען מיט פערזענלעכע סכנות, בעת עס רופט דער אינטערעס פון דער פּאַרטיי? אין מיטן דער קראַנקהייט, ביי אַ הויכער טעמפּע־ראַטור, פאַרלאָזט ער זיין משפּחה און פאָרט מיט מיר צו דער קאָנ־פערענץ. ער איז הייזעריק און קען קוים אויסרעדן אַ וואָרט. צווישן איין זיצונג און דער צווייטער בין איך אים באַהילפיק ביים אָנווענדן פאַרשידענע רפואות צום האַלדז.

נישט קוקנדיק אויף דער קראַנקהייט, ווערט באָראָכאָוו דער הויפּט־וואָרט־פירער פונם פּאַלעסטינישן צד און די צענטראַלע פּער־זענלעכקייט פון דער גאַנצער קאָנפערענץ. — — —

באָראָכאָוו איז אַרומגעפאָרן אין ליטע און אין פאַרשידענע שטעט פונם דרום־מערב־ראַיאָן, האָט צוגעגרייט דעם באָדן טעאָרע־טיש, און האָט פאַרבונדן די אַלע פּונקטן מיט אונזער ציטווייליקן צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין פּאָלטאַווע. מיר זענען אויך געווען פאַרבונדן מיט פּוילן, קרים, צענטראַל־רוסלאַנד. אַזוי זענען צוביסלעך צוגעגרייט געוואָרן די פאַרבינדונגען און דער

מאַטע־יאַל פאַרן ערשטן אַלרוסלענדישן צוזאַמענפאָר, וואָס איז באַקאַנט אַלס דער פּאָלטאַווער צוזאַמענפאָר. דער צוזאַמענפאָר האָט זיך געעפנט פורים תרס״ו (1906) און האָט געלייגט דעם יסוד פאַר דער אַלרוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי פּועלי־ציון.

דער פּאָלטאַווער צוזאַמענפאָר האָט זיך באַשעפטיקט מיט צוויי ענינים: מיטן קלאָר מאַכן די יסודות פונם פּועלי־ציוניזם און מיטן פעסטשטעלן די אָרגאַניזאַטאָרישע פּרינציפּן פון דער פּאַרטיי. צען טאָג האָט זיך געצויגן די קאָנפערענץ און האָט זיך געענדיקט אין איילעניש — אונטערן דרוק פון באַלאַגערונגס־צושטאַנד, אָבלאַוועס אין דער גאַנצער שטאָט, נאָכשפּיאָנירונגען און אפשר אויך פּראָוואָקאַציעס — מיט דער וואַל פונם צענטראַל־קאָמיטעט, אויף וועלכן עס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די אויפגאַבע, ניט נאָר דורכצופירן די באַשלוסן פונם צוזאַמענפאָר, נאָר אויך צו באַאַרבעטן די אידעאישע און טעאָרעטישע יסודות פונם פּועלי־ציוניזם.

דער צוזאַמענפאָר איז אויסגעשפּירט געוואָרן דורך פּאָליציי, און עטלעכע פון די אָנפירער זענען אַרעסטירט געוואָרן פאַר אַ געוויסער צייט, צווישן זיי אויך באָראָכאָוו. די אַנדערע מיטגלידער פונם צ. ק. האָבן אָבער באַוויזן אַרויסצוכאַפּן זיך פון פּאָלטאַוואַ און האָבן זיך פאַרזאַמלט אין קאָנסטאַנטינאָגראַד, כדי צו באַאַרבעטן דאָס טעאָרעטישע פּראָגראַם פון דער נייער פּאַרטיי. אָבער נאָך אַ טאָג אָדער צוויי האָבן מיר דערזען, אַז אין דעם קליינעם שטעטל זענען די באַדינגונגען פאַר דער אַרבעט זייער שווערע מחמת דער סכנה פון אויסשפּיאָנירונג מצד דער פּאָליציי. מיר האָבן דערפאַר אַריבערגעטראָגן אונדזער אַרבעט אין אַ ווייטערן פּונקט פונם תחום־המושב און פון די זוכנדיקע אויגן פון דער צאַרישער פּאָליציי. מיר זענען אַוועקגעפאָרן קיין סימפעראָפּאָל, די הויפּט שטאָט פון קרים, ווו עס האָט געוווינט פעליקס מענטשיקאָווסקי (אַ מיטגליד פונם צ.ק.„ באַקאַנט געווען אונטערן פּסעוודאָנים וולאַדימיר אַדים). דאָ האָבן מיר פאַרבראַכט קרוב צו דריי וואָכן מיט דער באַאַרבעטונג און פאָרמולירונג פון „אונזער פּלאַטפאָרם״. — — — —

דער אינערלעכער סדר פון אונזער אַרבעט איז על פּי רוב געווען אַזעלכער: באַראָכאָוו האָט פאָרגעלייענט, דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן ויכּוחים, ביז מען איז געקומען צו אַ געוויסער מסקנה. אַלץ איז פאַרצייכנט און פּראָטאָקאָלירט געוואָרן און אַזוי זענען מיר געגאַנגען פון איין פראַגע צו דער צווייטער.

דער דאָזיקער גאַנצער מאַטעריאַל, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט פון באַראָכאָווס רעפעראַטן און פון די ויכּוחים, האָט געדינט אַלס רויער מאַטעריאַל פאַר באַראָכאָוון, וועלכער האָט אויפגעבויט פון אים איין סימעטרישן בנין און אים אָנגערופן מיטן באַשיידענעם נאָמען „אונזער פּלאַטפאָרם".

דער דאָזיקער גאַנצער טעאָרעטישער בנין, וועלכער האָט זיך געשטיצט בלויז אויף דער גלות־ווירקלעכקייט — ווייל דעמאָלט האָבן מיר דאָך נאָך ניט געהאַט קיין שום אַרבעטער־פּאָזיציע אין ארץ־ישראל — איז ניט געווען און האָט ניט געקענט זיין קיין פולער, ווייל אין אים האָט געפעלט זייער אַ וויכטיקער עיקר: די באַזירונג אויף דער קאָנקרעטער אַרבעט און דעם קאָנקרעטן לעבן פון ארץ ישראל. צוליב דעם היסטאָרישן אמת דאַרף געזאָגט ווערן, אַז דעמאָלט האָבן זיך שוין יאָ געהאַט אָנגעהויבן די ערשטע פאַרבינדונגען צווישן אונז אין חוץ־לארץ און די ערשטע חלוצים אין ארץ ישראל. עס זענען שוין געווען אין לאַנד צענדליקער פון די נייע חלוצים פון פּוילן, ליטע, און דרום־רוסלאַנד, די זענען אָבער געווען די ערשטע שוואַלבן. די דאָזיקע גאַנצע עליה איז געווען פון איין זייט אַ פּראַקטישער ענטפער אויף דער טעריטאָריאַליסטישער ליקווידאַציע — און דאָ האָט געשפּילט אַ ניט קליינע ראָל דער רוף פון אוסישקין און וויטקינס בריוו *) — פון דער צווייטער

---

* אוסישקין, מנחם — 1863—1936. האָט פאַרעפנטלעכט אין 1905 אַ בראָשור „אונזער פּראָגראַם" וווּ ער האָט אויפגעפאָדערט די ציוניסטישע באַוועגונג זיך אָפּצוגעבן דער פּראַקטישער אַרבעט אין ארץ־ישראל. ער האָט באַזונדערס באַטאָנט די אויפגאַבע פון דער יידישער אַרבעט און האָט גערופן די יידישע יוגנט זיך מאָביליזירן אַלס אַרבעטס־פּליכטיקע אויף דריי יאָר

זייט זענען צענדליקער חברים פון דער זעלבסט־שוץ באַלד נאָך די שרעקלעכע פּאָגראָמען געצווּנגען געווען צו פאַרלאָזן רוסלאַנד און זענען געפאָרן קיין ארץ ישראל.

בעת דעם צוזאַמענפאָר, און נאָר פריער, זענען מיר געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די ערשטע חלוצים אין ארץ ישראל, און זייערע בריוו זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אונדזער יידישער און רוסישער פּרעסע. איך געדענק, אַז מיר זענען פריער געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט ראָסטאָווער חלוצים וואָס זענען אַוועקגעפאָרן באַלד נאָך די פּאָגראָמען, שפּעטער, אין דעם ווילנער פּעריאָד (ווינטער, 1907), מיט חבר ד. גרין (בן־גוריון). אָבער אונזערע פּאָזיציעס אין לאַנד זענען געווען אָרעמע, און נאָך אָרעמער אונזערע ידיעות וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אין לאַנד. און דאָס האָט גורם געווען צו אַ סך פעלערן אין דער טעאָרעטישער באַגרינדונג פון „אונזער פּלאַטפאָרם”. פון דאַנען נעמט זיך, למשל, באָראָכאָווס אָפּאָזיציע קעגן אָפּענהיימערס געדאַנק פון קאָאָפּעראַטיווער קאָלאָניזאַציע, ביי וועלכער ער האָט זיך אַ צייט לאַנג געהאַלטן. איך וויל דאָ ניט קריטיקירן און אפילו ניט איבערגעבן דעם תמצית פון באָראָכאָווס שיטה. פונדעסטוועגן דאַרף דאָ באַמערקט ווערן, אַז איינער פון די גרונט־עיקרים וואָס איז פון אָנהויב געווען דער באַזונדערער קנין פון די פּועלי־ציון און איז שפּעטער אָנגענומען געוואָרן פון דער גאַנצער אַרבעטערשאַפט אין לאַנד און אַלע אירע פאַרבינדעטע אין

---

חלוצישער אַרבעט אין ארץ־ישראל. די בראָשור האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף די חלוצים פון דער עליה שניה.

יוסף וויטקין — 1876—1912. פון די ליכטיקסטע געשטאַלטן פון דער צווייטער עליה. אַ לערער און וועגווייזער. געקומען אין לאַנד נאָכן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס. האָט אָנגעהויבן אַלס לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעטער, שפּעטער — לערער אין יידישע קאָלאָניעס. אין 1905 פאַרעפנטלעכט אַ רוף צו דער יידישער יוגנט צוקומען אין לאַנד איר אויפצולעבן דורך אַרבעט. דער רוף האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג ביי דער יידישער יוגנט און ווערט פאַרעכנט אַלס איינער פון די דערוועקער פון דער צווייטער עליה. אויף זיין נאָמען — כפר ויתקין.

חוץ לארץ איז דער געדאַנק, אַז די גאולה פונם יידישן פאָלק און דער אויפבוי פון ארץ ישׂראל איז מעגלעך נאָר דורכן אַרבעטער־קלאַס, — דער דאָזיקער געדאַנק איז צום ערשטן מאָל אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין „אונזער פלאַטפאָרם“. — — —

די פאָלטאַווער תקופה האָט זיך געענדיקט מיט אַ פלוצלונג־דיקער קאַטאַסטראָפע. די פאָליציי האָט אויסשפּיאָנירט דעם געווער־לאַגער פון דער פועלי־ציוניסטישער זעלבסט־שוץ. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטרענגע אויספאָרשונג וועגן די ענינים פון דער פאַרטיי. דער שרייבער פון די שורות האָט געמוזט אַנטלויפן פון פאָלטאַווע און די צאַרישע רעגירונג האָט אויס נקמה אַרעסטירט זיינע עלטערן און די גאַנצע משפחה. שפּעטער זענען אַרעסטירט געוואָרן אויך דער אָפּיציעלער אַרויסגעבער פון דער „כראָניק“, ל. מעלצער, אַ ברודער פון ליובע באַראָכאָוו, און באַראָכאָוו גופא. די איבעריקע מיטגלידער פון צ. ק. האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן און אריבערפירן דעם צ. ק. קיין ווילנע. דאָס איז געווען די פאָדערונג פון באַראָכאָוו פאַר זיין אַרעסט. אַזוי האָט זיך דער צענטער פון אונזער אַרבעט אַריבערגעטראָגן קיין ירושלים דליטא. — — —

ארום פינף חדשים איז באַראָכאָוו געזעסן אין טורמע, אָבער אויך פון דאָרט איז ער געשטאַנען מיט אונז אין פאַרבינדונג, ביז עס האָט זיך אונז צום סוף מיט גרויסע שוועריקייטן איינגעגעבן צו באַפרייען אים אויף ערבות ווינטער תרס״ז. נאָך אַ געוויסער צייט איז ער אַוועק קיין אויסלאַנד.

דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט דער פאָלטאַווער פעריאָד, דער גרינדונגס־פעריאָד פון דער פאַרטיי, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה, אין וועלכער די פאַרטיי איז געוואָרן אַ מאַסן־באַוועגונג, וואָס האָט געלעבט און געווירקט צווישן די יידישע מאַסן פונם תחום המושב.

י. בן צבי, געקליבענע שריפטן.

דעם בונדס גרונט־זינד באַשטייט אין זיין אָפּאָרטוניסטישער באַציונג צו דעם נאַציאָנאַלן פּראָבלעם און אין זיין אומפעיקייט די פראַגע קלאָר אַוועקצושטעלן. פון איין זייט, האָט זיך דער „בונד" נאָך נישט אָפּגעזאָגט פון דער אַלטער קאָסמאָפּאָליטישער טראַדיציע צו שטעמפּלען יעדן מין נאַציאָנאַליזם פאַר רעאַקציאָנער, בורזשואַז און אוטאָפּיסטיש; און פון דער צווייטער זייט, האָבן די רעאַלע אינטערעסן פון די יידישע מאַסן געצוווּנגען דעם „בונד" אַריינצונעמען אין זיין פּראָגראַם־מינימום די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. און דעריבער איז אין בונדיסטישע חקירות וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע פאַראַן עפּעס נישט דערזאָגטעס, עפּעס, וואָס איז אי אַהער און אי אַהין, עפּעס האַלב אַסימילאַטאָרישעס און האַלב נאַציאָנאַלעס. כדי צו פאַרמאַסקירן זיין זיצן צווישן צוויי שטולן, האָט דער „בונד" ליב צו דערקלערן, אַז ער איז כלומר׳שט נייטראַל אין דער פראַגע וועגן נאַציאָנאַליזם און אַסימילאַציע; אַז די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע באַצוועקט צו געבן די נאַציאָנאַליטעטן אַ גאַראַנטירטע פרייהייט אויף זעלבסט־באַשטימונג; אַז די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע דאַרף לייכטער מאַכן פאַרן פאָלק דעם וועג צו אַסימילאַציע, אויב אים איז באַשערט צו פאַרשווינדן, און אים לייכטער מאַכן דעם וועג פון נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג, אויב אים איז באַשערט צו בלייבן לעבן. אָט די אַלע חקירות זענען מערקווירדיק אומגעלומפּערט. עס איז שוין לעכערלעך דער געדאַנק גופא, אַז איין און דערזעלבער פּאָליטישער מיטל דאַרף „אויף יעדן פאַל" דינען צוויי דירעקט־אַנטקעגנגעזעצטע צילן. אויב דעם פאָלק איז באַשערט צו פאַרשווינדן, דאַן פאַרלייכטערט נישט די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע דעם פּראָצעס פון אַסימילאַציע, נאָר, פאַרקערט, שטערט אים, און דעריבער איז די דאָזיקע אויטאָנאָמיע רעאַקציאָנער און אוטאָפּיסטיש. אויב ווידער, די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע איז נויטיק — הייסט עס, אַז די גרענעצן פון דער צוקונפט, וואָס מיר קאָנען פאָרויסזען, וועט די נאַציאָנאַליטעט זיך זעלבסטשטענדיק אַנטוויקלען *). מאָדנע איז אַזאַ פּראָגראַם „אויף יעדן פאַל" ביי סאָציאַל־דעמאָקראַטן. דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט, דאָס רעכט אַראָפּצוזעצן און שטעלן פאַרן געריכט

---

* אונז אינטערעסירט נאַטירלעך, נישט וואָס עס וועט פּאַסירן מיט דער נאַציע אין דער ווייטער צוקונפט. אָבער פאָרמולירן אַ נאַציאָנאַלן פּראָגראַם האָט אַ רעכט נאָר דער וואָס האָט זיך אויסגעאַרבעט אַ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן די טענדענצן, וואָס מערקן זיך שוין איצט.

באַאַמטע און פיל אַנדערע מינימאַלע פאָדערונגען שטעלט מען אַרויס נישט אויף יעדן פאַל, נאָר מיט אַ קלאָרער פאַרשטענדניש וועגן די צילן. און נאָר דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם איז געווירדיקט געוואָרן פון „בונד" מיט אַזאַ בכבוד׳דיקער ראָל. דאָס ברענגט אויפן געדאַנק, אַז גראָד מיט דער נאַציאָ־נאַלער פראַגע האַלט עס ביים „בונד" נישט גלאַט. הויך קלינגט דעם „בונד"ס „נייטראַליטעט". זי דינט אָבער נישט מער ווי פאַר אַן asylum ignorantiae (אַ מקום מקלט פאַר אומוויסנקייט). מען קאָן זיין גלייכגילטיק צו דער פראַגע ווען דער אויפהאַלטונג פון דער נאַציע אָדער איר פאַרשמעלצונג מיט אַנדערע; מען קאָן זיך נישט נעמען צום האַרצן איר פאַרשווינדונג און מען קאָן זיך נישט פרייען מיט איר זעלבסט־דערהאַלטונג. דאָס איז אַ פראַגע פון געפיל, און אונז פועלי־ציון פרייט עס אויך נישט און עס באַאומרויקט אונז אויך נישט. עס איז אָבער אַן אַנדערע פראַגע דאָס פאַרשטיין און באַנעמען. מען קאָן נישט זיך נישט אינטערעסירן מיט דער נאַציאָנאַלער פראַגע. יעדנפאַלס, אויב די בונדיסטן ווייסן נישט, וואָס עס וועט זיין מיטן יידישן פאָלק, איז עס מער ווי מאָדנע, ווען זיי פאָרמולירן ספּעציעלע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. עס קאָן זיין, אַז עס איז זייער פראַקטיש זיך צו פאַרזאָרגן מיט אַ רעגן־שירם, ווען מען ווייסט נישט, אויב עס וועט רעגענען אָדער נישט; עס האָט אָבער פּאָליטיש קיין זין נישט אָנצוגרייטן אַ נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, ווען מען ווייסט נישט, אויב זי וועט צונויץ קומען, אָדער נישט.

דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַרישער געדאַנק דולדעט אין קיין זאַך נישט קיין אָפּאָרטוניזם. אויב ער ווייסט נאָך עפּעס נישט, הייסט עס, ערשטנס, אַז עס זענען נאָך נישט אַנגעוואַקסן יענע אָביעקטיווע כוחות, וואָס מאַכן מעגלעך, ער זאָל זאָגן זיין וואָרט וועגן דער פראַגע; צווייטנס פאַרפליכטעט דאָס נישט־וויסן די פּאַרטיי צו שווייגן און נישט אַרויסצושטעלן קיין פאָדערונגען. אויף דער קאַרדינאַלער פראַגע: ווּהין גייט איצט די יידישע נאַציאָנאַליטעט, ווּהין ריכטן זיך די טענדענצן פון איר אַנטוויקלונג אין די גרענעצן פון דער צוקונפט, וואָס לאָזן זיך באַשטימען? אויף דער פראַגע מוז דער רעוואָלוציאָנערער געדאַנק געבן אַ קלאָרן און דירעקטן ענטפער. און אויב דער פראָלעטאַרישער אַנאַליז וועט פירן צום שלוס, אַז די יידישע נאַציאָנאַליטעט שטרעבט צו פאַרשווינדן, איז די פּאַרטיי פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט מחויב פולשטענדיק זיך אָפּצוזאָגן פון אַלע נאַציאָנאַלע טראַדיציעס פון דער אַרבעטער־מאַסע און פירן מיט זיי אַן אומ׳ברחמנות׳דיקן קאַמף; די פּאַרטיי מוז אָפן גיין אויפן וועג פון אַסימי־לאַציע אָן מורא פאַר די פאָרוואורפן פון די נאַציאָנאַליסטן. דעמאָלט דאַרף נישט זיין קיין אונטערשיד צווישן אַסימילאַציע און אַסימילאַ־

טאָרישקייט, וועגן וועלכער די בונדיסטן רעדן מיט אַזאַ ברייטקייט. „מיר — זאָגן זיי — זענען נישט קעגן אַסימילאַציע, נאָר קעגן אַסימילאַטאָרישקייט". מיטן זעלבן דערפאָלג וואָלט מען געקאָנט זאָגן: „מיר זענען נישט קעגן דער סאָציאַליזאַציע פון דער ערד, מיר זענען אָבער קעגן סאָציאַליזאַטאָרישקייט, מיר זענען פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם קלאַסן־באַוווסטזיין, נאָר מיר זענען קעגן דער „אַנטוויקלערישקייט". האָט מען איין מאָל באַגריפן דעם היסטאָרישן גאַנג, איז אַ רעוואָלוציאָנער מחויב אים מיטצוהעלפן. און ווען מיר האָבן באַנומען די אַנטשיידנדיקע טענדענץ פון דער יידישער דינאַמיק צו קאָנסאָלידירן די יידישע פראַגע און דאָס יידישע פאָלק, צו נאַציאָנאַליזירן דאָס יידישע לעבן, האָבן מיר זיך פונקט אַזוי אַנטשיידן אָפּגעזאָגט פון די קאָסמאָפּאָליטישע טראַדיציעס פונם אומרייפן פּראָלעטאַרישן געדאַנק. און מיר זענען מחויב צו פאָרמולירן באמת רעוואָלוציאָנערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. און אונז גייען נישט אָן די בייזע עם־הארצ׳ישע אָנפאַלן: מיר ווייסן, אַז אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע זענען זיי — רעאַקציאָנערן און דאָן־קיכאָטן, וועלכע שטרענגען זיך אומזיסט אָן צו פאַרשפּאַרן דעם וועג דער אַלמעכטיקער היסטאָרישער אַנטוויקלונג.

אָבער כדי צו באַקומען אַ רעוואָלוציאָנערן ענטפער אויף דער נאַציאָנאַלער פראַגע, מוז מען פריער פאַר אַלעמען אַנאַליזירן נישט נאָר די אויסערלעכע און באַשיינפערלעכע פאָלגן פונם נאַציאָנאַלן קאָנפליקט, ווי דאָס טוט דער „בונד", נאָר אויספאָרשן זיינע טיפע און באַהאַלטענע יסודות.

און עס פאָדערט זיך, מען זאָל גיין ווייטער פון זיינע גייסטיק־קולטורעלע אויסדרוקן, מען זאָל וואַרפן אַ בליק אין דער סאַמע טיפעניש פון זיין עקאָנאָמישער „באַזע". דאָ פאַרראַטן די בונדיסטישע טעאָרעטיקער זייערע אייגענע מאַטעריאַליסטישע פּרינציפּן. עס איז אומפאַרציילעך פאַר אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט אויסצוטייטשן אַזאַ קאָמפּליצירטע און וויכטיקע דערשיינונג פונם געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווי נאַציאָנאַליטעט, אויסשליסלעך אין טערמינען פון גייסטיקער קולטור. עס איז אונפאַרציילעך זיך פאָרצושטעלן, אַז אַ געזעלשאַפטלעכע פראַגע פון אַזאַ גרויסער וויכטיקייט ווערט געלעזט, אפילו אין דער קלענסטער מאָס, מיט גייסטיק־קולטורעלע מיטלען. עס איז פשוט דערשטוינענדיק די מיינונג, אַז דער נאַציאָנאַלער סכסוך ווערט געבוירן אויסשליסלעך אויפן באָדן פון שפּראַך און דערציונג. אַזעלכע דערשיינונגען, ווי דאָס פאַרשטויסן די אירלענדער פון זייער ערד דורך ענגלענדער, ווי דער דרוק פון דעם דייטשן יונקער אויף די פּאָליאַקן אין שלעזיען און פּויזן, ווי די יידישע רעכטלאָזיקייט, באָיקאָט און פּאָגראָמען, ווי די אומ־

צייליקע פאָרמען פון עקאָנאָמישער אונטערדריקונג פון נאַציאָנאַלע גרופּן — זענען דאָס אַלץ „פּראַגן פון שפּראַך, דערציונג און, בכלל, קולטור״? און ווען וועט נישט דערשטוינען דאָס דאָזיקע מיטל צו לעזן די פּראַגע, די דאָזיקע פּאַנאַצעאַ — די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע? מיר האָבן שוין פריער געוויזן, אַז עס איז אוממעגלעך אויסצוואָרצלען די פּאָגראָמען אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. שטעלט זיך נאָר פאָר דאָס שיינע בילד: אַ יידישער סיים, וואָס נעמט זיך באַשפּרעכן די שול־פּראַגע אין אַ צייט פון פּאָגראָמען און פאַרשטאַרקטער יידישער עמיגראַציע! אַ יידישער סיים, וועלעכר וועט, ווי די יק״א, כדי צו טרייסטן די פּאָגראָמירטע יידן, גרינדן נאָך אַ גימנאַזיע, אָדער וועט אַרויסלאָזן נאָך אַ באַלערנדיק ליטעראַריש ווערק וועגן הומאַניטעט און אחדות! און צום זייגעזונט וועט דער סיים ראָטן די עמיגראַנטן צו באַזוכן דאָס יידישע טעאַטער!

ווען דער יידישער פּראָלעטאַריאַט ליידט פונם נאַציאָנאַלן דרוק, הייסט עס, אַז צום אַלעם ערשטן ליידט ער מאַטעריעל, ווירטשאַפטלעך־עקאָנאָמיש, און די קנאַפּע אַנטוויקלונג פון זיין קלאַסן־באַוווסטזיין וואָלט מען געקאָנט אויסטייטשן נאָר אַלס רעזולטאַט פון די מאַטעריעלע אַנאָמאַליען. דערצו, פאַרשטייט פאַלש דער „בונד״, אין וואָס עס באַשטייט די אומנאָרמאַלע אַנטוויקלונג פון קלאַסן־באַוווסטזיין פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט. די בונדישע טעאָרעטיקער דענקען, אַז ווייל עס פעלט דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אַ געזונטע נאַציאָנאַלע קולטור, נעמט ער שווערער איבער די סאָציאַליסטישע וועלט־אַנשויונג, ווי די אַרבעטער פון די אַרומיקע פעלקער: עס קומט אויס, אַז די אַנאָמאַליע איז נאָר אַ ק ו ו אַ ל י ט אַ ט י־ו ו ע. אין אמת׳ן אָבער, זאָגן מיר נאָך אַמאָל, איז דער קלאַסן־באַוווסטזיין ביי די יידישע אַרבעטער אַנטוויקלט נישט ווייניקער, אויב נישט נאָך מער, ווי ביי די אַרומיקע פעלקער; אָבער צוליב דעם אומצופרידנשטעלנדיקן פּאָליטישן און עקאָנאָמישן ווערט פון דער יידישער פּראָלעטאַרישער סטראַטעגישער באַזע, ווערן געשאַפן ק ו ו אַ נ ט י ט אַ ט י ו ו ע אַנאָמאַליען: רעוואָלוציאָנערע פּראַזעאָלאָגיע און אַן אומנאָרמאַל־פאַרשפּרייטע נייגונג פון די יידישע אַרבעטער צום אַנאַרכיזם.

אָבער די אַלע פיינלעכע עקאָנאָמישע אַנאָמאַליען עקזיסטירן נישט פאַר די בונדיסטישע „דענקער״. זיי ווייסן איינס: „שפּראַך, דערציונג, בכלל־קולטור״. אין דער הינזיכט שטימען די בונדיסטן פולשטענדיק איין מיט אַזעלכע רעאַקציאָנערן, ווי אחד־העם, דובנאָוו * און אַנדערע. — — —

דער „בונד״ האָט גרויסע פאַרדינסטן ביים יידישן פּראָלעטאַריאַט.

---

* א ח ד ה ע ם — פון די חשובסטע יידישע דענקער און שרייבער. ער

אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג וועט דעם „בונד"ס נאָמען פאַרשריבן ווערן מיט גאָלדענע אותיות און די קומענדיקע דורות פון יידישן פראָלעטאַריאַט וועלן דעם „בונד" שטעלן אַ פראַכטפולן מאָנומענט אין פּאַלעסטינע... ער האָט אַנטוויקלט דעם קלאַסן־באַוווסטזיין פון די יידישע אַרבעטער, ער האָט זיי צוגעוווינט צו אַן אָרגאַניזירטן קאַמף פאַר זייערע אינטערעסן, ער האָט ביי זיי אַנטוויקלט דעם גייסט פון דיס־ציפּלין און האָט קולטיווירט זייערע דעמאָקראַטישע באַגריפן. אָבער דעם „בונד"ס נאַציאָנאַלער פּראָגראַם מאַכט אַלץ קאַליע און גראָבט פון אינע־ווייניק אונטער זיין עקזיסטענץ. אַלס אַ שטרענג קאָנספּיראַטיווע אָרגאַני־זאַציע, איז דער „בונד" געווען אויסגעצייכנט צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען פון פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי־אַרבעט. מען קאָן אָבער מיט זיכערקייט פּאָ־רויסזאָגן, אַז אין דעם קומענדיקן פרייען רוסלאַנד וועט דער „בונד" נישט לאַנג בליען.

„אונזער פּלאַטפאָרם".

---

האָט אונטערגעשטראָכן אַז די מיסיע פונם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל איז צו זיין דער גייסטיקער צענטער פונם אַלוועלטלעכן יידנטום („אַ זיכער אָרט נישט פאַר יידן נאָר פאַרן יידנטום"). ער האָט נישט אָנערקענט דעם פּאָליטישן ציוניזם וועמענס ציל איז קיבוץ גליות („מיר מוזן זיך קלאָר מאַכן אַז קיבוץ גליות איז אַן אוממעגלעכע זאַך").

שמעון דובנוב — דערמאָרדעט דורך די נאַצים. דער באַקאַנטער יידישער היסטאָריקער האָט אין זיין בוך „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום" באַגרינדעט די יידישע נאַציאָנאַלקייט אַלס טיפּ פון אַ „קולטורעל־היסטאָרישער אָדער גייסטיקער נאַציע — — — וועלכע אָנערקענט זיך אַלס נאַציע אין דער געגנוואַרט דורכן סך־הכל פון איר פריערדיקער זעלבסטשטענדיקער עוואָלוציע" און אַז „דער זעלבסטבאַוווסטזיין פון אַ נאַציע איז דער עיקרדיקער קריטעריום פון אַ נאַציע". און ביי די יידן, ווי אַ גייסטיק און קולטורעל פאָלק, צעשפּרייט צווישן פעלקער, קען נישט זיין קיין שטרעבונג צו טעריטאָריאַלע אָדער פּאָלי־טישע זעלבסטשטענדיקייט, נאָר — בלויז אַ געזעלשאַפטלעך־קולטורעלע. אין זיינע לעצטע לעבנס־יאָרן האָט זיך דובנאָוו דערנענטערט צו דער ציוניסטישער אויפפאַסונג.

„די האָפנונגען זיינען שוין פונאַנדערגעכליט, די
טרוימען אויסגעטרוימט״. •

דער „בונד״ איז געווען דער אוטאָפּישער פּרווו פון דער יידישער האַלב־אַסימילאַטאָרישער האַלב־נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ צו שאַפן אַ נאָר־מאַלע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אָן אַ נאָרמאַלן יידישן לעבן... און ווייל זיי האָבן די קראַפט נישט געהאַט זיך צו שטעלן קעגן גלות, האָט אַ פּאָר־בלענדערישער שלייער געמוזט אַריבערגעוואָרפן ווערן איבער דער יידישער ווירקלעכקייט, האָט די באַוועגונג געמוזט זיין נאָרמאַל, האָט די רעקלאַמע געמוזט זיין גרויס: זי האָט מיט איר פּאַלסיפיצירנדיקן כישוף געדאַרפט פאַרבייטן דאָס פעלנדיקע לעבן...

נאָר דאָס פעסטע און אומבאַוועגלעכע קען באַוועגט ווערן, נאָר דאָס קאָנסערוואַטיווע קען רעוואָלוציאָנירט ווערן, נאָר דער ווידערשטאַנד קען באַזייטיקט ווערן, — דער „בונד״ האָט אָבער געהאַט פאַר זיך דאָס אומ־רואיקע יידישע לעבן, די וואַקלדיקע יידישע ווירטשאַפט, די וואַנדערנדיקע יידישע מאַסן, דעם ווידערשטאַנדלאָזן מענטשן־שטויב, די רעוואָלוציאָן — en permanence, אין שטענדיקן דויערן און דער „בונד״ איז געוואָרן אַ דמיון־באַוועגונג, אַ נוצלעכער עקספּערימענט, אַ קינסטלעכער פּראָדוקט מיט אַ מינימום פון אָרגאַנישע אַנטוויקלונגס־עלעמענטן... נישט אין דער נאַטירלעכער עקזיסטענץ נאָר אין דעם קינסטלעכן סאָציאַלן עקספּערימענ־טירן ליגט דעריבער די חשיבות פון „בונד״... די תנאים פאַר דעמדאָזיקן סאָציאַלן פּרווו זיינען געווען לעררייך־פּאַטאָלאָגישע, קליינלעכע און דעריבער גרינג צו כאַפּן מיטן אויג און באַנעמען מיטן שכל — דער פּרווו האָט געמוזט זיך איינגעבן, דער קליינער מאַסשטאַב פון דער יידישער אַרבעטער־שאַפט האָט אים מעגלעך געמאַכט...

און דער עקאָנאָמישער קאַמף? אָבער דאָס איז דאָך די טעגלעכע עקזיסטענץ, וואָס וועגן איר זיינען קיין חילוקי דעות נישט מעגלעך, דאָס איז דאָך דאָס לעבן פון דער וואָך. וואָרום ווען און ווו האָט דער עקאָנאָמי־שער קאַמף אַ גרויסע היסטאָרישע חשיבות? ווען ער אָרגאַניזירט די גרויסע אַרבעטער־באַטאַליאָנען און גיט זיי די עקאָנאָמישע מאַכט אין די הענט ווען ער שמידט צונויף מיט דער הילף פון דעם מעכאַנישן פּראָדוקציע־פּראָצעס דעם מעכטיקן אַרבעטער־קלאַס און גיט אים איבער די ווירט־שאַפט און בכן די לעבנס־נערוון פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. דערקענט איר זיך דאָ, אין אַזאַ מין קאַמף, יידישע אַרבעטער?

נישט דער גלויבן אין דער גרויסער צוקונפט, נאָר די ליבע צו דער גרויסער פאַרגאַנגענהייט, נישט די לייכטנדיקע היסטאָרישע אויסקוקן פון אַמאָל, נאָר די בלייכע ספקות פונם היינט — דאָס זיינען די איצטיקע סימנים פאַרן „בונד״. וואָרום דער „בונד״ האָט זיך באַפרידיקט מיט דעם קעגנווערטיקן יידישן אַרבעטער־לעבן, און נישט ווייל דאָס איז דאָס איינציק־ריכטיקע, נאָר דאָס איינציק־מעגלעכע, נישט דאָס גרעסטע פאַרלאַנגען, נאָר דאָס קלענסטע באַדערפניש. דער „בונד״ האָט קיין רעכט נישט אויסצורײַדן די אַסימילאַטאָרישע סאָציאַליסטן (פון פלעכאַנאָווס איסקראַ־חדר), הלמאי זיי אַנטלויפן פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, דען וואָרום דער „בונד״ רופט זיי צו אַ צופרידנהייט מיט די געטאָ־ראַמען פון דער יידישער אַרבעטער־קעגנוואַרט, און קיין מענטש האָט נישט דאָס רעכט צו זיין אַ קעגנוואַרטסמענטש...

מיט צען יאָר צוריק האָט דער „בונד״ געהאַט אַ צוקונפט, איצט האָט דער „בונד״ אַ פאַרגאַנגענהייט. און איז דעם יידישן אַרבעטער נאָך באַשערט צו שפּילן אַ היסטאָרישע ראָלע, דאַמאָלט מוז אין אים דער „בונד״ אַלייז ווערן אַ פאַרגאַנגענהייט...

„ערדגייסט״ געשריבן אין נאָוועמבער 1907

## י. בן-צבי / די פועלי ציון אין ארץ ישראל אין די יאָרן 1904—7

קומענדיק אין לאַנד, נאָך צוויי־און־אַ האַלב יאָר פון מיין ערשטן באַזוך, האָב איך דערזען אַ גרויסע ענדערונג. ביי מיין ערשטן באַזוך אין לאַנד אין 1904, איז די צאָל אַרבעטער, וועלכע זענען געקומען פון גלות, געווען זייער אַ קליינע, מען האָט זיי געקענט ציילן אויף די פינגער. און איצטער האָב איך פאַר זיך דערזען כמעט אַ באַוועגונג, און נישט איין שטרעמונג, נאָר צוויי שטרע־מונגען און צוויי אָרגאַניזאַציעס: „פועלי־ציון" און „הפועל־הצעיר", אויסער דעם אַ באַדייטנדע צאָל אומפאַרטייאישע אַרבעטער. אין די קאָלאָניעס האָבן זיך געפונען אַ 200—300 נייע אַרבעטער, בעיקר — אין פתח־תקוה, ראשון־לציון, רחובות און נס־ציונה, אויך אין חדרה און אין זכרון־יעקב האָבן זיך געפונען יידישע אַרבעטער און זיי האָבן דערגרייכט ביז די קאָלאָניעס פון אונטערשטן גליל; עטלעכע צענדליקער אַרבעטער האָבן זיך איינגעאָרדנט אין יפו און אין ירושלים, צו זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן יוגנטלעכע, געבוירענע אין ארץ־ישראל, פון די אשכנזים, ספרדים און מזרח עדות, ספעציעל פון די ירושלימער און יפו׳ער יידן. איינצלנע אַרבעטער האָבן זיך באַזעצט אויך אין חיפה, עס האָבן זיך אויך געשאַפן קליינע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן באַ־שעפטיקט אַ ביסל פון די איינגעוואַנדערטע. דאָס אַלץ איז געווען

אַ נייע דערשיינונג, וואָס איז אַנטשטאַנען אַ דאַנק דער נייער עליה — „די צווייטע עליה" — אין די לעצטע צוויי־דריי יאָר. די צאָל פון יעדער פּאַרטיי איז באַשטאַנען, בערך, פון א 150—200 מענטשן, יעדע שיף, וואָס איז געקומען פון אָדעס אָדער טריעסט, האָט געבראַכט נייע חברים. דאַגעגן, האָט יעדע שיף, וואָס איז אָפּגע־גאַנגען פון יפו, צוריקגעפירט אַ צאָל אַנטוישטע איינוואַנדערער, וועלכע האָבן נישט געפונען זייער וועג אין לאַנד און האָבן זיך דאָ נישט געקענט צופּאַסן. מען דאַרף אָנעמען די צאָל פון 400—500 מענטשן, אין דאָרף און אין שטאָט, ווי אַ מער־ווייניק באַשטימטע צאָל פון אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין יענער ערשטער צייט *).

קומענדיק אין לאַנד האָב איך געפונען די חלוצים פון די דריי גרופּעס, וועלכע האָבן זיך אַרויסגערוקט אויפן ערשטן אָרט אין אָנהויב פון דער צווייטער עליה — די האָמלער עולים, די ראָסטאָווער רעשטלעך און די פּלאָנסקער.

די האָמלער גרופּע — 13—14 חברים, זענען געקומען צוזאַ־מען, אין אַן אָרגאַניזירטע גרופּע, באַלד נאָכן האָמלער פּאָגראָם, וועלכער איז פאָרגעקומען אין אלול 1903. אַלע, אָדער דער גרעס־טער טייל פון זיי, האָט געהערט צו דער „פּועלי־ציון"־אָרגאַניזאַציע, פון פאַר דער שאַפונג פון דער לאַנדס־פּאַרטיי (זיי האָבן געהערט צו דער מינסקער שולע, וועלכע איז געווען דער יסוד פאַר די ליטווישע „פּועלי־ציון" — אין ווילנע, גראָדנע, דווינסק, האָמעל א. א. וו.), און זיי האָבן זיך באַטייליקט אין דער

*) אינם ערשטן בריוו פון ארץ־ישראל, וועלכער איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אינם ערשטן נומער פון דער „יידישער אַרבעטער כראָניק" (פון 15/24 פעברואַר 1906, זייט 5) איז אָנגעגעבן די צאָל אַרבעטער (ד. ה. אָרגאַניזירטע) — 550 מיטגלידער, פון זיי האָבן אַ 200 געהערט צו דער אַלטער אַרבעטער־אָרגאַניזציע, און 350 צו די נייע אָרגאַניזאַציעס. אין דער פייערונג פון ערשטן מאַי, וואָס איז אַדורכגעפירט געוואָרן דורך די „פּועלי־ציון" אין ראשון־לציון אין דעמזעלבן יאָר — האָבן זיך באַטייליקט 50 מענטשן (לויטן צווייטן בריוו, וועלכער איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „מאָלאָט" (האַמער), נומער איינס, דעמזעלבן יאָר).

זעלבסטשוץ, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דער פאַרטיי. אויך דער נאָמען פון דער „זעלבסטשוץ" זאָגט עדות וועגן איר אינערלעכער פאַרבינדונג מיט ציון: „ג. צ.", וואָס מיינט „גבורי ציון". דידאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז געווען די ערשטע, וועלכע האָט געפּרוּווט צו שאַפן אַן אָרגאַניזירטע זעלבסטשוץ. אין דער צייט פון די קישעניעווער פּאָגראָמען, פּסח 1903, האָט נאָך נישט עקזיסטירט קיין יידישע זעלבסטשוץ, און שוין סוף זומער 1903 האָבן זיך יידן פאַרטיידיקט געגן די אָנגרייפנדיקע פּאָגראָמשטשיקעס מיט העק און רעוואָלווערן.

דער מענטש, וואָס איז געשטאַנען אין צענטער פון דער גרופּע, די צענטראַלע פיגור אויך אין דער זעלבסטשוץ, איז געווען יחזקאל חנקין (וועלכער האָט זיך שפּעטער גערופן אין העברעאיש: חנני). אין די רייזע־באַשרייבונגען פון בלאַנקהאָרן און אהרוני פון דער געגנט ים־המלח פיגורירט ער אונטערן נאָמען „ברזלי".

עס איז פאַרשטענדלעך, אַז נאָכן דערשיינען פון די האָמלער אַלס אַן אָרגאַניזירטע זעלבסטשוץ־גרופּע, וואָס איז אַבסאָלוט פאַרוועדט געווען אינם רעזשים פון צאַרישן רוסלאַנד, זענען צוגעקומען ספּעציעלע באַגרינדונגען פאַר צוויילן זייער אָפּפאָר קיין ארץ־ישראל, אָבער עס איז אַ טעות צו טראַכטן, אַז דער איינציקער אַרגומענט פאַר זייער אָפּפאָר קיין ארץ־ישראל איז געווען דער פּאָגראָם און די פּאָליציי פאַרפאָלגונגען. זייער עצם אָרגאַניזירונג אין אַ ציוניסטישער זעלבסטשוץ־גרופּע, און שפּעטער, אין אַ חלוצישער גרופּע פאַר עליה, איז געקומען אין אַ גרויסער מאָס, און אפשר אין אַן אַנטשיידענער מאָס, ווי אַ שטאַרקע רעאַקציע געגן די ליקווידאַציע־פּרוּוון, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט באַוויזן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אין דער פאָרם פון אוגאַנדיזם און טעריטאָריאַליזם. דווקא דידאָזיקע ליקווידאַציע־פּרוּוון האָבן אויפגעוועקט צווישן די ערשטע חלוצים פון דער צווייטער עליה דעם ווילן צו פאַרווירקלעכן פּאַקטיש אויף זיך גופא דעם ציוניזם און

אַדורכפירן דעם געדאַנק מיט אייגענע כוחות, דורך עליה קיין ארץ־ישראל, כדי דאָרט צו אַרבעטן און בויען.

מיר האָט דערציילט ישראל שוחט, אַז אויך די גראָדנער „פּועלי־ציון” (וועלכע האָבן געהערט צום מינסקער לינקן פליגל) האָבן געפּרוּווט שאַפן אַ חלוצישע גרופּע, ווי עס האָבן געטון די האָמלער, אָבער די זאַך האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן, און נאָר איינצלנע זענען אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז דער ערשטער פון זיי געווען אברהם קריניצא, וועלכער האָט זיך געלאָזט אין וועג נאָך די האָמלער, באַלד נאָך אים איז אויך אָפּגעפאָרן סעדיה פּז פון מינסק, און אַ יאָר שפּעטער — אַלעקסאַנדער זייד * און נאָך חברים פון דער ווילנער אָרגאַניזאַציע. די גרעסטע טייל פון דידאָזיקע חלוצים האָבן אין יענער צייט געאַרבעט ביי פיזישע אַרבעטן און גלייכצייטיק זיך פאַרנומען מיט שמירה. זיי האָבן געהערט צו די גרינדער פון „השומר” און צו זיינע בויער.

דידאָזיקע עליה איז געווען אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דער פאַרטיי. די אָרטיקע „פּועלי־ציון” אָרגאַניזאַציעס האָבן צוגעהאָלפן דער עליה פון זייערע „פּיאָנערן” און זיי האָבן מאַסנווייז באַגלייט די עולים קיין ארץ־ישראל. דער חבר י ה ו ד ה ז ע ל ד י ן, וועלכער איז אָנגעקומען אין לאַנד דעם 18 יאַנואַר 1906, דערציילט צווישן אַנדערע: „די גאַנצע מינסקער „פּועלי־ציון” אָרגאַניזאַציע האָט געוווסט וועגן אונזער אָפּפאָר אין לאַנד, און כמעט אַלע אירע חברים און חברטעס (אַן ערך 250 מענטשן) האָבן אונז באַגלייט צו דער באַן־סטאַציע, זיי האָבן זיך מיט אונז געזעגנט מיט געזאַנג און מיט גרויס באַגייסטערונג. קיין געלט־אונטערשטיצונג האָבן מיר פון זיי נישט באַקומען, מיר האָבן עס אויך נישט געוואַגט צו פאַרלאַנגען פון זיי, ווייל מיר האָבן געוווסט אַז קיין געלט האָבן זיי

---

* א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר ז י י ד — 1886—1938. פון די ערשטע חברים פון דער פּועלי־ציון באַוועגונג. אין ארץ־ישראל פון 1904. פון די ערשטע שומרים אין לאַנד. געפאַלן פון אַראַבישער קויל. אויף זיין נאָמען —גבעות זייד.

נישט, אָבער מאָראַלישע הילף האָבן מיר יאָ באַקומען, און זיי האָבן שטענדיק אונטערגעשטראָכן, אַז מיר טוען אַ וויכטיקע זאַך". דער אָנהויב פון זעלדינס אַרבעט אין לאַנד איז געווען אין די פּרדסים פון וואדי־חנין, רחובות, זכרון יעקב און חדרה, ער האָט אויך געאַרבעט אין די ירושלימער שטיינהאַקערייען און ביי צייט־ווייליקער אַרבעט אין יפו, און שפּעטער אין סעדזשערער קאָלעק־טיוו. צווישן די נעמען פון קאָלעקטיוו, דערמאָנט ער די נעמען פון סעדיה פּז און מענדל פּאָרטוגאַלי, צבי בעקער און מאיר חזנאָוויטש, פיין און משה גבעוני (יוזאָווקער), ישראל גלעדי, בן־צור (מינקאָוויטש) און שפרה שטורמאַן.

די האָמלער זענען נישט געווען די איינציקע. אַ סך יונגע מענטשן זענען געקומען אין דערדאָזיקער תקופה, און צווישן זיי יידישע זעלנער, וועלכע זענען אין רוסלאַנד מאָביליזירט געוואָרן צו דער מלחמה מיט יאַפּאַן. אָבער די זענען געקומען צופעליק, און נאָר איינצלנע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער באַוועגונג און אַריינ־געטרעטן אין דער אָרגאַניזאַציע פון די נייע עולים. זיי האָבן זיך געפּרוווט איינאָרדנען ביי אַרבעט אין די קאָלאָניעס פון יהודה, שומרון און אויך אין גליל.

אַ ספּעציעל אייגנאַרטיק אָרט האָט פאַרנומען מיכאל האַל־פּערן, וועלכער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ חבר פון „פּועלי־ציון". איך וויל דערמיט נישט זאָגן, אַז ער האָט געהערט אין לאַנד אָרגאַניזאַציאָנעל צו דער „פּאַרטיי" אָדער צום „השומר". דער־דאָזיקער מענטש האָט קיינמאָל נישט געהאַלטן פאַר וויכטיק אַזעלכע „קלייניקייטן", ווי אָרגאַניזאַציאָנעלע אָנגעהעריקייט, פּאַרטייאישע דיסציפּלין אָדער שטייערן־אָפּצאָל, אָבער זיין פּערזענלעכע השפעה אויף די פּאַרטיי־חברים און אויף די „השומר"־גרינדער איז געווען זייער אַ שטאַרקע. זיין נאָמען איז געווען באַקאַנט נאָך אין דער צייט פון דער באַוועגונג און פון דער זעלבסטשוץ אין רוסלאַנד אין יאָר פון דער רעוואָלוציע (1905). זיין ענטוזיאַסטישער כאַראַק־טער, זיין לעבנס־שטייגער, וואָס האָט אויסגעזען מאָדנע אין די

אויגן פון אַנדערע, זיין גליהענדע פאַנטאַזיע — דאָס אַלץ האָבן אים צוגעגעבן לעגענדאַרישן גלאַנץ אין די אויגן פון דער יוגנט. ער האָט באַזוכט ארץ־ישראל עטלעכע מאָל נאָך אין דער תקופה פון דער ערשטער עליה. און שוין אין 1903 אין ווילנע, האָט זייד געהערט פון אים וועגן דעם מצב אין לאַנד. אין ארץ־ישראל זענען אַרומגעגאַנגען דערציילונגען און לעגענדעס וועגן זיינע ערשטע באַזוכן. עס איז געווען אַ זון פון רייכע עלטערן אין ווילנע. פון אָנהויב איז ער געוואָרן אַ קאָלאָניסט אין נס־ציונה און ער איז אויך געווען אַן אויפזעער אויפן גוט וואָס האָט געהערט צו זיין פאָטער. מען דערציילט וועגן אים, אַז אין יענער צייט האָט ער אָרגאַניזירט אַ שטרייק פון די אַרבעטער, וועלכע האָבן געאַרבעט אין זיין טאַטנס פּרדס, ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין די שטרייקנדע און דעמאָנסטרירט אין זייער שפּיץ אויף אַ ווייס פערד מיט אַ רויטער פאָן אין איין האַנט און מיט אַ שווערד אין דער אַנדערער.

ביי מיין ערשטן באַזוך אין לאַנד (זומער 1904) האָב איך שוין דאָ געפונען די ברידער אליעזר און ישראל שוחט פון גראָדנע און די האָמלער, וועלכע האָבן געאַרבעט אין רחובות און אין פּתח־תקוה, און איניקע פון זיי — אויך אין סעדזשעראַ. זיי האָבן דאָ געאַרבעט ביים גראָבן די יסודות פון „חאן". אין יענער צייט איז שוין געמאַכט געוואָרן דער פּרווו צו גרינדן דעם ע ר ש ט ן ק ע ר ן פון דער פּאַרטיי און צו שאַפן פאַרבינדונגען מיט אויסלאַנד. צו דעמדאָזיקן קערן האָבן זיך אָנגעשלאָסן חברים, וועלכע זענען געקומען פון דרום־רוסלאַנד: פון בעסאַראַביע, אָדעס, אוקראינע און קאַווקאַז. יעדנפאַלס דאַרף מען דעם ערשטן שטראָם פון עליה פאַררעכענען אויפן חשבון פון ל י ט ע.

דערווייל איז אויסגעבראָכן די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע, אין אָקטאָבער 1905, און מיט איר — אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען אויף יידן, ספּעציעל אין די דרום־שטעט. די פּאָגראָמען אין ראָסטאָוו האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אכזריותדיקייט. אויך דאָ איז געווען טעטיק די זעלבסטשוץ, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן דורך

„פועלי־ציון״. נאָך די פּאָגראָמען האָט זיך אָרגאַניזירט אַ קערן פון צווישן די זעלבסטשוץ־אָנטיילנעמער, פון די וועלכע האָבן שוין לאַנג געחלומט איבערצופאָרן קיין ארץ־ישראל. דער לעצטער שטויס איז געגעבן געוואָרן דורכן מאָרד פונם סטודענט אָ גוז, איינער פון די אָרטיקע פועלי־ציון־פירער, וועלכער איז געפאַלן פון די הענט פון די רוצחים־פּאָגראָמשטשיקעס. די ראָסטאָווער חלוצים האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אַנדער שיכט, אַ נישט־גלייכע צו דער וואָס איז אָפּגעפאָרן פון ליטע. די העברעישע שפּראַך איז זיי געווען פרעמד, אויך יידיש רעדן איז זיי אָנגעקומען שווער. די שפּראַך מיט וועלכער זיי האָבן זיך באַנוצט איז געווען רוסיש, און די אידעאָלאָגיע, וועלכע זיי האָבן מיטגעפירט מיט זיך האָט געטראָגן דעם סטעמפּל פון דער רעוואָלוציע פון 1905. זייער ציוניזם איז אַרויסגעדרונגען מער פון געפיל, ווי פון נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין, און דעריבער איז ער געווען אויבערפלעכלעך, אָן טיפע וואָרצלען. אויך זייער סאָציאַליזם, ווי עס האָבן מיר איבערגעגעבן די חברים, וועלכע האָבן זיי געקענט פון דער נאָענט, איז אין אַ גרויסער מאָס, געקומען פון געפיל און נישט פון באַוווסטזיין אָדער פון ערנסטע שטודיעס פון די מקורות פונם סאָציאַליסטישן געדאַנק. זיי זענען געווען ענלעך צו „חסידים״, וואָס די אמונה אין סאָציאַליזם האָט פאַרטרעטן דאָס אָרט פון זייערע ידיעות. נאָר איינצלנע צווישן זיי זענען געווען „אינטעליגענטן״ מיט אַ סאָציאַליסטישע בילדונג. אָבער די גרעסטע טייל איז געווען אַרבעטס־מענטשן, און די סאָציאַליסטישע לערע האָבן זיי גענומען פון פאָלקס־בראָשורן. דאַגעגן דאַרף מען אונטערשטרייכן, אַז קומענדיק אין לאַנד האָבן זיי זיך גלייך גענומען צו אַרבעט, אין די קאָלאָניעס און אין די שטעט (אין קליינע ווערקשטאַטן אין יפו). זייער השפּעה אויף די אַרבעטער האָבן זיי זיך דערוואָרבן, ווי מען האָט מיר דערציילט, מיט זייער פריילעכקייט, לידער און גוטער חברשער באַציונג.

די ראָסטאָווער חלוצים זענען געקומען אין ווינטער 1906, אַ גרופּע פון 30 חברים, צווישן זיי אויך עטלעכע חברטעס. זיי

זענען געווען פאַרייניקט און דעריבער האָבן זיי באַווירקט מיט זייער השפעה די פריערדיקע עולים, וועלכע זענען געווען ווייניק, צעשפרייט און צעשפּליטערט. די ראָסטאָווער האָבן דעראָבערט די העגעמאָניע אין דער פאַרטיי אין יהודה, פּינקטלעכער — אין יפו און אין די נאָענטע קאָלאָניעס, ווו זיי האָבן זיך קאָנצענטרירט. אָבער זיי האָבן זיך נישט איינגעוואָרצלט אין לעבן פונם לאַנד. עס האָט זיך געדאַכט, ווי זיי וואָלטן פאָרגעזעצט דאָ זייער פאַרטייאיש לעבן אין ראָסטאָוו. כאַראַקטעריסטיש אין דעם פאַל איז אַ בריוו, וועלכן עס האָט געשיקט איינער פון דערדאָזיקער גרופּע, אָדער אירער אַ סימפּאַטיקער צו דער פּועל־ציוניסטישער רוסישער צייטונג „מאָלאָט" (האַמער), וואָס איז דערשינען אין סימפעראָפּאָל. דער שרייבער שטרייכט אונטער די וויכטיקייט פון אָרגאַניזירן „די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס", און ער דערציילט וועגן דער קולטורעלער טעטיקייט, וועלכע ווערט געמאַכט אין ירושלים מיט דער הילף פון דעם ביסל „זשאַרגאָנישער" ליטעראַטור, וואָס געפינט זיך ביי די חברים. ער גיט צו, אַז די אָרטיקע אַרבעטער זענען ספרדים און אשכנזים, אָבער נישט די און נישט די קענען רוסיש, „און דעריבער נויטיקן מיר זיך אין „זשאַרגאָנישער ליטעראַטור"...*)

פון די נעמען פון דער ראָסטאָווער גרופּע זענען מיר פאַרבליבן אין זכרון: יהודה, חיים (אָדער מישאַ) קאַרסאַנסקי, בן־ציון רוחימאָוויטש (געבליבן אין לאַנד), אברהם סאָבראַנסקי, צילאַ לעווי (אין לאַנד). דער גרעסטער טייל האָט פאַרלאָזן דאָס לאַנד, נאָר איינצלנע זענען פאַרבליבן, און קומענדיק אין לאַנד האָב איך געפונען נאָר זייערע רעשטלעך.

אַנדערש פון די ראָסטאָווער זענען געווען די פּלאָנסקער עולים. דאָס איז געווען אַ יונגע עליה פון באַוווּסטזיניקע ציוניסטן. זייער עליה האָט זיך אָנגעהויבן סוף 1904, אָדער אין אָנהויב 1905. מיט זייער קומען האָט מען דאָס ערשטע מאָל דערהערט אינם

---

* „מאָלאָט", נומער 3, יוני 1906, זייט 29.

אַרבעטער־לאַגער די קלאַנגען פון דער העברעישער שפּראַך — אַנשטאָט דעם יידיש, וואָס האָבן מיט זיך געבראַכט די ליטווישע חלוצים, און אַנשטאָט דעם רוסיש פון די ראָסטאָווער עולים. לכתחילה האָבן זיך די פּלאָנסקער נישט אָנגעשלאָסן אין דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי. די ערשטע פון זיי, ש. צמח און אַנדערע, וועלכע האָבן געהערט צו „התחיה", זענען געוואָרן די גרינדער פון „הפּועל־הצעיר". אָבער נאָך די ערשטע זענען געקומען חברים פון פּועלי־ציון: דוד בן־גוריון, אברהם לעווקאָוויטש, יחזקאל בית־הלחמי, רחל נעלקין (בית הלחמי) און נאָך חברים. מען האָט מיר דערציילט, אַז בן־גוריון האָט אַרויסגערופן אַ גרויס וווּנדער אין די אַרבעטער־רייען מיט זיין העברעיש רעדן. היתכן — אַ „פּועלי־ציון"־חבר און גלייכצייטיק אַ העברעישער פאַנאַטיקער? צווישן דידאָזיקע צוויי געגנזאַצן, צווישן די ראָס־טאָווער און קרימער, וועלכע האָבן זיך דערצויגן אויף דער רוסישער קולטור פון איין זייט, און צווישן די פּלאָנסקער, וועלכע האָבן זיך דערצויגן אויף דער העברעישער קולטור פון דער אַנ־דערער זייט, האָט זיך אויך געפונען אַ בריק, וואָס האָט פאַרבונדן — דאָס זיינען געווען די ליטווישע עולים, און אין אַ געוויסער מאָס, אויך די אוקראַינישע עולים. נישט מיט איין מאָל און נישט אַזוי לייכט האָבן זיך פאַרייניקט דידאָזיקע טיילן אין איין מחנה. עס איז אַדורך אַ יאָר און נאָך מער, אין וועלכע עס זענען געמאַכט געוואָרן די ערשטע פּרווון פאַר אַ לאַנד־אָרגאַניזאַציע, און נאָר אין אָנהויב פון 1906 האָבן זיך פאַראייניקט די פאַרשידענע פונקטן אין איין איינהייטלעכע פּועלי־ציון־פּאַרטיי.

די אַרבעטער־עליה האָט בעיקר געשעפּט אירע כוחות פון רוסלאַנד און פּוילן (אויך די לעצטע האָט גענומען אירע כוחות פון רוסלאַנד). אָבער אויך די עסטרייכישע גאַליציע האָט געשיקט אירע כוחות קיין ארץ־ישראל. צווישן די גאַליציאַנער עולים זענען אין דער ערשטער צייט געווען חברים, וועלכע האָבן פאַרנומען אַן אָרט אין דער פּאַרטיי. בעתן גרינדן די ערשטע קאָלאָניסטישע קאָאָפּע־

ראַטיווע קבוצה אין מרחביה, האָבן זיך אין איר אָנגעשלאָסן נייע חברים פון גאַליציע, און אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, האָט זיך פאַרשטאַרקט דער פרישער עליה־שטראָם פון דאָרט (דער חבר ערדשטיין און נאָך). דער קאָנטאַקט צווישן דער פאַרטיי אין ארץ־ישראל און צווישן דער גאַליציאַנער באַוועגונג האָט זיך אויך פאַרשטאַרקט דורך דער צייטונג „יידישער אַרבעטער", וועלכע איז אין איר צייט, נאָך דעם ווי עס איז אָפגעשטעלט געוואָרן די פאַר־טייאישע פרעסע אין רוסלאַנד, פאַרבליבן דער איינציקער פועלי־ציון אָרגאַן אין מזרח־אייראָפּע. מיר האָבן זיך מיט איר באַנוצט, כדי פאַרעפנטלעכן דאָרט וועגן מצב אין לאַנד און אין דער באַוועגונג, בעת מיר זענען געבליבן אָן אַ צייטונג און אָן אַנדערן פאַרטייאישן געדרוקטן מאַטעריאַל אין ארץ־ישראל.

די צווייטע פאַרטייאישע צייטונג, וועלכע איז געווען אָנגענומען ביי אונז איז געווען דער „יידישער קעמפער" פון דער ווייטער אַמעריקע. פון איר האָבן מיר זיך דערוווּסט וואָס עס טוט זיך אין דער אַמעריקאַנישער באַוועגונג און אין וועלכער עס האָבן זיך געדרוקט, פון צייט צו צייט, קאָרעספּאָנדענציעס און ידיעות פון ארץ־ישראל. אָבער נאָר איינצלנע חברים זענען פון דאָרט געקומען אין לאַנד, עטלעכע פון זיי זענען געווען אַקטיוו אין דער באַוועגונג נאָך פון יענער זייט ים. איך געדענק דעם אינזשינער אברהם גאָלדמאַן, וועלכער איז געווען דער ערשטער, וואָס איז אַריינ־געגאַנגען אין דער אַרבעט אַלס אינזשינער און ער האָט געבויט דעם שאָסיי פון שכם און עפולה, וואָס איז געמאַכט געוואָרן דורך דער רעגירונג. אין איינעם פון אונזערע לאַנגע אויספלוגן, וואָס מיר האָבן געמאַכט צופוס אין גליל, האָבן מיר געפונען גאָלדמאַנען אין אַ געצעלט אויפן פעלד. אין דעם טאָג האָט גערעגנט, און ער האָט אונז איינגעלאַדן אָפּצורוען זיך אין זיין הויז אין עין־גנים (דזשענין), ווו ער האָט געלעבט איינזאַם לאַנגע חדשים. איך געדענק זיין אַרטיקל אין „האחדות" וועגן האָדעווען שעפסן אין לאַנד — „אַ שעפס אָדער אַ פּרדס?" ווען ער איז געקומען אין לאַנד האָט ער געפּרוּווט

צו גרינדן אַ פּאַראַלעלע סאָציאַליסטישע „פּועלי־ציון“ פּאַרטיי (אין וועלכער עס האָט זיך אָנגעשלאָסן חיים רודניק, וועלכער איז געקו־מען פון אַרגענטינע), אָבער דער פּרווו האָט זיך נישט איינגעגעבן, און נאָך אַ געוויסע צייט, איז ער צוריק אַריינגעטרעטן אין דער פּאַרטיי.

אין אַ שפּעטערדיקער תקופה זענען געקומען קיין ארץ־ישראל נאָך עטלעכע חברים. מיר ווילן דערמאָנען דעם חבר ישראל קליין, אַ פּיאָנער פון דער עמק־הירדן־קאָלאָניזאַציע, וועלכער איז געפאַלן פון אַראַבישע רוצחישע הענט אין יאָר 1917. אין זיין צייט האָט זיך געגרינדעט דער פאַריין „שיל״ה“ — (ראשי תיבות: שובה ישראל לארץ האבות, — קערט זיך אום קינדער פון ישראל אין לאַנד פון די אבות) דורך יהושע און שושנה בוכמיל. דער ציל פונם פאַריין איז געווען — וועקן אַ פאָלקס־באַוועגונג צו באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל און כדי אויסצואיבן אַ דרוק אויף די רייכע פילאַנטראָפּישע חברות אין יק״א צו קאָנצענטרירן זייער טעטיקייט אין ארץ־ישראל, און זיי שטעלן אונטער אַ געזעלשאַפט־לעכער קאָנטראָל.

פון די אַמעריקאַנער וויל איך נאָך דערמאָנען די חברים ראַזאָווסקי און ק. מרמר, וועלכער איז אין זיין צייט געווען פון די ערשטע פון די פּועלי־ציון אין ענגלאַנד, קומענדיק אין לאַנד האָט ער זיך לייכט צוגעפּאַסט צו די מנהגים און לעבנס־שטייגער פון די מענטשן פון דער צווייטער עליה. פּונקט ווי מיר האָט ער געוואַנדערט צופוס אין די בערג און טאָלן, געפיבערט און געשלאָפן אויף ראָגאָזשעס און געגעסן „פּיטעס“ און אָליוון. ער איז פאַרבליבן אין לאַנד אַ גאַנץ יאָר, ער האָט געהאַלטן עפנטלעכע רעפעראַטן, אין יידיש און אין אַ שיינעם העברעיש, אויף דער טעמע „אליהו הנביא און קלאַסן־קאַמף“ און אויף אַנדערע תנכישע טעמעס. אַ גרויסער שאָד, וואָס נאָך עטלעכע יאָר איז אין אים פאָרגעקומען אַן ענדערונג און אים פאַרפירט אויף פרעמדע וועגן, צום סוף האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַמעריקאַנער יעווסעקציע.

פון אַ תקופה פאַר 1906, זענען מיר באַקאַנט צוויי פּרוּוון צו שאַפן אַ פּאַרטייאישן קערן. סוף זומער 1905, האָבן זיך פאַרזאַמלט אין פּתח־תּקוה, אינם באַראַק פון יחזקאל און חיה־שרה חנקין, אַרבעטער פון דער צווייטער עליה, אָבער זיי האָבן זיך נישט פאַרייניקט אין איין פּאַרטיי, נאָר זיך געשפּאָלטן אין צוויי לאַגערן, פאַרשידן אין זייערע אידעאָלאָגישע טענדענצן — די „פּועלי־ציון"־טענדענצן פון איין זייט, און „הפּועל־הצעיר" פון דער אַנדערער. די עצם אָרגאַניזירונג פון די פּאַרטייען איז געקומען שפּעטער: „הפּועל־הצעיר" — אין אָקטאָבער 1905, און „פּועלי־ציון" אין מיטן נאָוועמבער. די אידעאָלאָגישע אונטערשידן זענען בעיקר געווען אין דער פראַגע פון „אַרבעטס־דעראָבערונג" און אינם „שאַפן אַ קלאַס". לויט אַלעקסאַנדער כרמון (שמואל סלושטש) איז דעמאָלט אויסגעוויילט געוואָרן אַ צענטראַל־קאָמיטעט פון „פּועלי־ציון" (ראשון־לציון), און לויט דער אויפפאָדערונג פון דעמדאָזיקן קאָמיטעט איז חבר ש. סלושטש אַוועקגעפאָרן קיין ירושלים, כּדי דאָרט צו גרינדן אַן אָרטיקע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע *).

*) און דאָס איז דער בריוו, וואָס איז אַוועקגעשיקט געוואָרן פון יפו דעם 28 פעברואַר, 1906 אין „יעווריעסקאַיאַ ראַבאָטשאַיאַ כראָניקאַ" (יידישע אַרבעטער־כראָניק): אין ארץ־ישראל עקזיסטירן צוויי אָרגאַניזאַציעס (פון אַרבעטער), איינע — „צעירי־ציון", (זיי האָבן זיך אַזוי גערופן, ווייל זיי זענען געקומען פון דער ציוניסטישער יוגנט באַוועגונג „צעירי־ציון", אַ טייל פון זיי האָט געהערט צו דער צווייטער עליה. — דער מחבר). און די צווייטע: „פּועלי־ציון". אונטער דער ווירקונג פונם קאָנפליקט צווישן קאָלאָניסטן און אַרבעטער אין פּתח־תּקוה איז אַנטשטאַנען אַ דראַנג אין דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציע צו פאַרייניקן זיך מיט „פּועלי־ציון" אין איין פאַריין. די ערשטע — („הפּועל־הצעיר"), ציילט נײַנציק חברים, און די צווייטע, — וועלכע איז געשאַפן געוואָרן מיט דריי חדשים צוריק, און זי פאַרמאָגט צוויי באַזונדערע צענטרן, אין יהודה און אין גליל, ציילט 60 חברים, פון זיי 40 אין יהודה און 20 אין גליל". פון דעם זעען מיר, אַז שוין אין מיטן נאָוועמבער אָדער אין אָנהויב כסלו 1906, דאָס הייסט צען חדשים פאַרן צוזאַמענטרעף אין ראַמלע, איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ, וועלכע האָט אויך באַשטימט פאַר זיך אַ פּראָגראַם, לויט דעמדאָזיקן בריוו איז דער פּראָגראַם פון דער פּועלי־ציון

קומענדיק אין יפו האָב איך זיך באַלד דערוווּסט, אַז נישט נאָר צוויי פאַרטייען עקזיסטירן ביי די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער, נאָר עס זענען אויך פאַראַן אין שטאָט צוויי האָטעלן, אין וועלכע עס קוואַרטירן זיך איין די עולים:ביידע, איינע נעבן די אַנדערע און ביידע ענלעך צו זיך. איינער האָט געהערט צו ס פ ע ק ט א ר ן און דער צווייטער צו ח י י ם ב ר ו ך. דער אונטערשיד צווישן זיי — אינם ערשטן זיינען איינגעשטאַנען די פועלי־ציון און אין צווייטן דער „הפועל הצעיר". פאַרשטייט זיך, אַז איך בין אַוועק אין ספעקטאָר־האָטעל. איך בין געקומען „אינקאגניטאָ" און איך האָב זיך פאַרשריבן מיטן נאָמען „בן־צבי", וועלכער איז נישט געווען באַקאַנט אין די דאָזיקע פאַרטייאישע קרייזן און אויך נישט ביי די אַנדערע, ווייל אין דער פאַרטיי און אין דער פאַרטיי־ליטעראַטור האָט מען מיך דעמאָלט געקענט אונטערן ליטעראַרישן נאָמען „אבנר". אָבער דער סוד האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן און נאָך אַ קורצע צייט איז באַקאַנט געוואָרן, אַז אין לאַנד איז געקומען אַ חבר פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פועלי־ציון־פאַרטיי אין רוסלאַנד — און ווער ווייס וואָס פאַראַ „רעוואָלוציאָנערע" אַקציעס עס האָבן פאַרטראַכט די אַרבעטער אַדורכצופירן.

קומענדיק קיין ארץ־ישראל האָב איך מיך אַוועקגעלאָזט קיין

---

פאַרטיי געווען — שאַפן אַ י י ד י ש ע מ ד י נ ה אין ארץ־ישראל אויף ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע י ס ו ד ו ת. דערדאָזיקער ציל דאַרף דערגרייכט ווערן דורכן קלאַסן־קאַמף, וועמענס פאָרם וועט באַשטימען דעם לעבנס־גאַנג. אין מיין אַרכיוו געפינט זיך אַ פאַרשלאַג פונם פּראָגראַם אין יידיש, אָן אַ דאַטע, וועלכער נעמט אין זיך אַריין דעמדאָזיקן געדאַנק, און מען קען אָנעמען, אַז דאָס איז דער פּראָגראַם פון נאָוועמבער 1906. לויט זיין שפּראַך (יידיש) און לויט זיין סטיל, קען מען אָנעמען אַז ער איז איבערגעזעצט געוואָרן פון רוסיש און ער איז, ווי עס דאַכט זיך, פאָרמולירט געוואָרן דורך די ראָסטאָווער.

דאַגעגן דאַרף מען נעמען אין אַכט, אַז לויטן בריוו זענען געווען צוויי פאַרשידענע צענטרן, און די פאַרטיי האָט נאָך נישט געהאַט קיין פולע אָרגאַניזאַציאָנעלע גאַנצקייט, זי האָט זיך ערשט אויסקריסטאַליזירט שפּעטער, אין יאָר 1906

פתח־תקוה. פאַרשטענדלעך, אַז איך בין אַוועק צופוס. עס איז אַראָפּ דער לעצטער רעגן, איך בין געוואָרן גוט נאַס, אָבער איך בין געווען גליקלעך איבערצונעכטיקן, די ערשטע נאַכט נאָך מיין קומען, אין אַ יידישער קאָלאָניע. אין משך פון דידאָזיקע דריי יאָר זענען פאַר־געקומען באַדייטנדע אינערלעכע ענדערונגען. אין 1904 האָבן זיך נאָר באַוויזן די ערשטע שפּראָצונגען פון יידישער אַרבעט אין פּתח־תקוה. דאָס זענען געווען די האָמלער — יחזקאל חנקין און זיינע חברים. די רעזולטאַטן פון „חרם" פונם קאָלאָניסטן־קאָמיטעט אויפן יידישן אַרבעטער, זענען געווען זייער אָנזעעוודיקע, אָבער טראָץ דעם האָט מען געזען אין דער קאָלאָניע צענדליקער יידישע אַרבעטער. נאָר איינצלנע פון די קאָלאָניסטן האָבן זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די אַרבעטער און זיי באַשעפטיקט ביי די אַרבעטן פון בחר (פאַרניכטן די ווילדע גראָזן אין די פרדסים), אָבער די מערהייט איז געווען געגן די נייע עולים און זיי האָבן נישט געגלויבט, אַז דידאָזיקע יונגע „אינטעליגענטן" וועלן באמת מצליח זיין אין דער אַרבעט, און אַז זיי וועלן קענען קאָנקורירן מיט מוחמדן און מוצטאַפן. און דאָך האָבן זיך געזען סימנים פון לעבן און האָפנונג אין פתח־תקוה, דאָ האָב איך מיך דאָס ערשטע מאָל געטראָפן מיט דוד גרין (בן־גוריון), וועלכער האָט שוין פאַר־נומען אַ צענטראַלע שטעלונג אין דער פועלי־ציון־פאַרטיי. מיר האָבן געשמועסט וועגן די פאַרטיי־ענינים אין לאַנד און וועגן אַלע ענינים אין דער אויסלענדישער באַוועגונג. מיר האָבן גערעדט וועגן דער נאָענטער קאָנפערענץ (די צווייטע) פון דער פאַרטיי, וועלכע האָט געזאָלט פאָרקומען אין עטלעכע וואָכן אַרום (די קאָנפערענץ איז באַשטימט געוואָרן אויף שבועות).

איך האָב באַשלאָסן צו בלייבן אין יפו און איך האָב מיר געפו־נען לעקציעס אויף מיין פרנסה. אין אַ קורצער צייט האָב איך באַוויזן צו באַקענען זיך מיט פאַרטיי־חברים פון פאַרשידענע ערטער. איך האָב מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דער קאָנפערענץ. דערווייל האָב איך דערקענט דעם צוזאַמענשטעל פון דער יפוער אָרגאַניזאַציע.

כמעט אַלע אירע חברים זענען באַשטאַנען פון נייע עולים פון אַלע עקן רוסלאַנד, אַביסל איז געקומען פון גאַליציע און איינער, אָדער צוויי, פון אַמעריקע. אַלע האָבן געאַרבעט אין די ווייניקע וואַר־שטאַטן און פאַבריקן אין שטאָט. איך האָב באַזוכט די קאָלאָניעס — פתח־תקוה, ראשון־לציון, נס־ציונה און רחובות, און אויך דאָרט האָב איך געפונען די ערשטע שפּראָצונגען פון דער באַוועגונג. איך בין אויך געפאָרן קיין ירושלים. דאָרט האָט געאַרבעט די ערשטע גרופּע שטיינהאַקערס, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן דורכן פּראָפעסאָר באָריס שאַץ ז״ל, דער גרינדער פון „בצלאל" (די ערשטע ארץ־ישראלדיקע קונסט־שולע). ער האָט אונטערגעשטיצט עטלעכע יונגע חברים, זיי דערמעגלעכט צו לערנען און צו פאַר־בלייבן ביים פאַך, ער האָט אויך זיי געהאָלפן צו אָרגאַניזירן זיך אין איין פאַריין, אין אַ שטיינהאַקער־פאַריין. בסך־הכל האָבן זיך געפונען אין ירושלים אַ 40 שטיינהאַקערס פון די נייע עולים און 80 שטיינהאַקערס פון די מזרח־עדות. צווישן די פאַרטיי־חברים אין ירושלים האָבן זיך אויך געפונען דרוקער־אַרבעטער און סטאָלערס, דער גרעסטער טייל ארצישראלדיקע איינגעבוירענע און נאָר אַ קליינע צאָל נייע עולים.

*

די קאָנפערענץ איז באַשטאַנען נישט פון אויסגעוויילטע דעלעגאַטן, נאָר דאָס איז געווען אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע חברים — יעדער וואָס האָט געקענט און געוואָלט קומען, האָט זיך געקענט אין איר באַטייליקן.

דידאָזיקע קאָנפערענץ האָט מען באַטראַכט פאַר דער צווייטער פאַרטיי־קאָנפערענץ. פאַר איר זענען פאָרגעקומען צוויי צוזאַמענטרעפן: איינער אַ האַלב יאָר פאַר מיין אָנקומען אין לאַנד, וועלכער האָט געטראָגן נאָר אַ צופעליקן כאַראַקטער. ער איז פאָר־געקומען אין יפו, סוכות 1907. אויף דעמדאָזיקן צוזאַמענטרעף איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ קליינע קאָמיסיע פון 10 מענטשן. זי האָט געדאַרפט צוגרייטן אַ גרינדלעכן פּלאַן און אים ברענגען צו דער

אַלגעמיינער פּאַרטיי־קאָנפערענץ, כדי אים צו באַהאַנדלען און צו באַשטעטיקן.

דערדאָזיקער קליינער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן זיך צוזאַ־מענטרעפן אין געהיים, כדי נייגעריקע חברים זאָלן זיי נישט קענען שטערן. דעריבער האָבן זיי אויסגעקליבן אַן אכסניה אין ראַמלע, אויפן וועג פון יפו און ירושלים. אין דער דאָזיקער באַהעלטניש האָבן זיי פאַרבראַכט דריי טעג, פון דעם 18 ביזן 20 תשרי 1907. אין דער קאָמיסיע האָבן זיך אויסקריסטאַליזירט צוויי שטרעמונגען: „די לינקע" — די ראַדיקאַלע, וועלכע האָט זיך באַמיט צו פאָרמולירן דעם פּלאַן אויף יסודות פון ריינעם מאַרקסיזם; און „די רעכטע" — די נאַציאָנאַלע, וועלכע האָט זיך באַמיט אַרויסצורוקן די ספּעציפישע זייט פונם יידישן פּראָבלעם און זיין ציוניסטישע, ארצישראלדיקע לעזונג. צו דער ערשטער שטרעמונג האָבן געהערט די ראָסטאָווער חברים, און צו דער צווייטער די ליטווישע און פּוילישע חברים מיט בן־גוריונען אין דער שפּיץ.

אַלס רעזולטאַט פון די פאַרהאַנדלונגען פון דערדאָזיקער קאָמיסיע איז געשאַפן געוואָרן „די ראַמלער פּלאַטפאָרם", וואָס איז, אין אַ סך הינזיכטן, געווען ענלעך צו דער פּלאַטפאָרם פון דער רוסישער פּאַרטיי, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער קאָנפע־רענץ אין פּאָלטאַווע, אין סוף 1906, אַנדערטהאַלבן יאָר פאַרן ראַמלער צוזאַמענטרעף. דידאָזיקע פּלאַטפאָרם איז געבראַכט געוואָרן צו דער דעלעגאַטן־קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין יפו אין דער צייט פון 9 ביזן 24 טבת 1907. זי האָט באַשטעטיקט די פּלאַט־פאָרם און אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פאַר דער נעכסטער פּראַקטישער אַרבעט.

פון די אָנטיילנעמער אין דעם ראַמלער ראַט זענען מיר באַקאַנט די נעמען פון די חברים ד. בן־גוריון, ישראל שוחט, בן־ציון רוחימאָוויטש און נאָך אַ ראָסטאָווער חבר; זאב אשור, ראובן אָקון און אָרנשטיין.

דאָס אַלץ האָב איך געהערט פון עטלעכע אָנטיילנעמער

אינם „ראַמלער ראַט״. קומענדיק אין לאַנד אין די פסח־טעג 1907, זענען נאָך די איינדרוקן פונם ראַט געווען פריש און נײַ.

די צווייטע קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין יפו שבועות. עס האָבן אין איר אָנטייל גענומען אַן 80 חברים, אַ העלפט פון אַלע פאַרטיי־חברים אין לאַנד.

איך האָב געעפנט די קאָנפערענץ מיט אַ באַגריסונג פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פועלי־ציון־פאַרטיי אין רוסלאַנד.

דאָס רוסישע יידנטום איז אין יענער צייט געווען דער הויפט־רעזערוואר פאַר דער אַרבעטנדער עליה. דאָס איז געווען דער מקור און קוואַל, ווו עס האָט זיך אויסגעפורמט דער ציוניסטישער און סאָציאַלער געדאַנק. דעריבער איז געווען נאַטירלעך, אַז צו דער רוסישער פאַרטײַ זענען געווען געווענדעט די אויגן פון די ערשטע חלוצים, וועלכע זענען געקומען אין זייער היימלאַנד.

עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פרעזידיום פון דריי — י. בן־צבי, מרדכי ראַבינאָוויטש פון ירושלים און דוד בן־גוריון.

דער סדר־היום איז אָנגענומען געוואָרן נאָך אַ דיסקוסיע אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט משולם דאַווידזאָן, נוח האָרקער (אָדער גערקער) און חיים רודניק. אויפן סדר־היום זענען אַוועק־געשטעלט געוואָרן דריי פונקטן: א) די אָרגאַניזירונג פון דער פאַרטיי, ב) אונזערע פאָדערונגען צום אַכטן ציוניסטישן קאָנגרעס, וועלכער האָט זיך געדאַרפט צונויפקומען זומער אין האַג, און צו דער ערשטער פועלי־ציון וועלט־קאָנפערענץ, וועלכע האָט געזאָלט פאָרקומען גלייכצייטיק מיטן קאָנגרעס, ג) דאָס אַרויסגעבן אַ פאַר־טיי־צייטונג. ביים ערשטן פונקט האָט זיך אַנטוויקלט אַ לעבּ־האַפטיקע דיסקוסיע, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט: ח. רודניק, גד וויגדאָראָוו (פלג), לוי מאַרגאָלין, האָלצמאַן, בן־ציון, רוחימאָוויטש, אליהו דאַווידזאָן, אָקון, באָרנשטיין, יצחק כהנא, יחזקאל בית־לחמי, פיניע וויגאָדסקי און י. בן־צבי. בן־גוריון האָט איבערגעגעבן אַן אויספירלעכן באַריכט און צום אָרגאַניזאַציע־פונקט זענען אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדע באַשלוסן:

א) יעדער חבר פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי אין ארץ־ישראל מוז אָנערקענען די הויפּט־פּונקטן פונם פּאַרטייאישן פּראָגראַם, אויספירן די באַשלוסן פון די פּאַרטיי־אינסטאַנצן (דער צענטראַל־קאָמיטעט, דער אָרטיקער קאָמיטעט און די קאָנפערענץ־באַשלוסן), און צאָלן דעם פּאַרטיי־שטייער.

און דאָס זיינען די פאָדערונגען צום קאָנגרעס, וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרן אויף דער קאָנפערענץ: א) דער קאָנגרעס ווערט אויפגעפאָדערט אָנצוהויבן אַ רעגעלמעסיקע ברייטע אַרבעט, כדי צו שאַפן די נויטיקע באַדינגונגען פאַר דער עליה און פאַר קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. ב) דידאָזיקע אַרבעט וועט אַרויפגע־לייגט ווערן אויפן אַקציאָנס־קאָמיטעט, וועלכער וועט זיך באַזעצן אין לאַנד און ער וועט באַקומען אַ ברייטע פאָלמאַכט פון קאָנגרעס. ג) מען דאַרף פאָדערן אַ פּאַרטיי־פאָרשטייערשאַפט אין דערדאָזיקער אינסטאַנץ.

אויסער דעם איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו פּאַראינטערעסירן דעם קאָנגרעס צו שאַפן אַ פאָרשונגס־אינסטיטוט פאַר לאַנדווירט־שאַפט און אינדוסטריע אין ארץ־ישראל, אין וועלכן עס וועט זיך געפינען אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פאַר אַרבעטס־ענינים. עס איז אויך פאָרמולירט געוואָרן אַ פּאָליטישע פאָדערונג: באַמיען זיך מבטל צו מאַכן דעם פאַרבאָט אַריינצוקומען אין ארץ־ישראל און צו דערגרייכן פאַרלייכטערונגען אין באָדן־קויף. צוליב דעם דאַרף מען קאָנצענטרירן אַלע אָנשטרענ־גונגען פון די ציוניסטן אין די גלות־לענדער, כדי זיי זאָלן ווירקן אויף זייערע רעגירונגען, אַז זיי זאָלן פאָדערן שוץ פאַר די אינ־טערעסן פון זייערע בירגער אין ארץ־ישראל. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ יורידישע קאָמיסיע, וועלכע זאָל פאַרטיידיקן די רעכט פון די אָטאָמאַנישע יידן אין ארץ־ישראל. און צום סוף — צו העלפן דער אָרגאַניזירונג פונם ישוב אין לאַנד דורך גרינדן אַ ראַט ביי דעם ארצישראלדיקן אַקציאָנס־קאָמיטעט, אין וועלכן עס

זאָלן זיך באַטייליקן פאָרשטייער פון אַלע אָרגאַניזירטע יידישע קרייזן אין לאַנד. צווישן אַנדערע דאַרף מען דערמאָנען די פאָדערונג צו העלפן שאַפן מעגלעכקייטן פאַר קליינע קרעדיטן פאַר ברייטערע קרייזן, צווישן זיי אויך קרעדיט־קאַסעס פאַר אַרבעטער, וועלכע זאָלן זאָרגן פאַר דער אויסבילדונג פונם אַרבעטער און פאַר זיין ספּעציאַליזירונג אין דער אַרבעט; גרינדן אַ לאַנדווירטשאַפטס־באַנק פאַר היפּאָטעק־קרעדיטן, כדי צו פאַרלייכטערן דעם מצב פון די וואָס באַזעצן זיך אויפן לאַנד, און בפרט, צו בויען הייזער און דירות אין די קאָלאָניעס, צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער. עס זיינען אויך אָנגענומען געוואָרן באַשלוסן, אין וועלכע מען האָט געפאָדערט אַ פאַרזיכערונג פונם קאָנגרעס, אַז אַלע ציוניסטישע אונטערנעמונגען וועלן רעאַליזירט ווערן דורך יידישע אַרבעט. עס איז אויך געפאָדערט געוואָרן אַן אונטערשטיצונג פאַר דער הויז־אינדוסטריע אין די קאָלאָניעס און די גרינדונג פון פאַך־שולען אין ארץ־ישראל.

איך האָב געבראַכט דעם אינהאַלט פון דידאָזיקע רעזאָלוציעס, וועלכע באַווייזן דעם ווילן וואָס האָט שוין דאַן געהערשט אין דער ערשטער פועלי־ציון־גרופּע, צו געבן אונזער ציוניסטישער אַרבעט אַ מער ממשותדיקן כאַראַקטער וואָס זאָל זיין מער צוגעפּאַסט צו דער ארץ־ישראלדיקער ווירקלעכקייט און אירע באַדערפענישן, לויט ווי עס האָבן זיי געזען די מענטשן פון דער צווייטער עליה.

דער ערשטער פּרווו אַרויסצוגעבן אַ פּאַרטיי־פּרעסע אין ארץ־ישראל איז געווען אין דער יידישער שפּראַך — עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ קליינע צייטונג מיטן נאָמען „דער אָנפאַנג". די צייטונג איז געדרוקט געוואָרן אײמלעגאַל אין יפו, אָבער כדי אויסצומיידן אַן „עין־הרע", איז אָנגעגעבן געוואָרן אין דער צייטונג, אַז זי איז געדרוקט אין „אלכסנדריה של מצרים". עס זיינען אַרויס צוויי נומערן: אין 15 תמוז און אין 9 אָב, און דער דריטער (אין תשרי תרס"ח) איז נישט פאַרענדיקט געוואָרן (ביי מיר געפינען זיך נאָך פיר זייטן פון דערדאָזיקער צייטונג). דער פּרווו איז בעיקר דורכגע־

פאַלן צוליב דער שפּראַך — מיר האָבן געדאַרפט אין ארץ־ישראל אַ צייטונג נישט אין יידיש, נאָר אין העברעאיש פאַרן יידישן אַרבעטער אין ארץ־ישראל, אַ צייטונג וועלכע זאָל פאַרייניקן און פאַרבינדן די נייע עליה מיט די איינגעזעסענע אין לאַנד און זי זאָל פאַרענטפערן אַלע אָנגעווייטיקטע פראַגעס פון די יידישע אַרבעטער און אַרבעטנדע כוחות אין לאַנד. אַ צייטונג אין יידיש איז צו דעם נישט געווען צוגעפּאַסט און זי האָט נישט געקענט אויספילן דידאַקטישע אויפגאַבע. און אויסער דעם האָט די צייטונג נישט געקענט זיך אַנטוויקלען ווי אַן אינפאָרמאַטיווע צייטונג פאַר אויסלאַנד — ווי דער „יידישער אַרבעטער" אין גאַליציע, אָדער דער „יידישער קעמפער" אין אַמעריקע — צוליבן מאַנגל אין כוחות און אין מיטלען. צוליב דעם האָט זיך די צייטונג פאַרמאַכט באַלד ביים אָנהויב, און זי איז שוין נישט באַנייט געוואָרן. דער געדאַנק פון אַ פאַרטיי־צייטונג איז אָפּגערוקט געוואָרן אויף אַ לאַנגע צייט און ערשט אין דריי יאָר אַרום איז ער פאַרווירקלעכט געוואָרן, זומער 1910, מיטן גרינדן פון דעם ערשטן יידישן סאָציאַליסטישן אַרבעטער וואָכן־זשורנאַל אין ארץ־ישראל „האחדות".

דאָס איז מיין איצטיקע אָפּשאַצונג. דעמאָלט האָבן מיר נישט אַזוי געטראַכט. צום־גרעסטן־טייל האָבן מיר זיך דאַן געפונען אונטער דער השפּעה פונם גייסט, וואָס האָט געהערשט אויף דער יידישער גאַס אין גלות, איידער מיר האָבן זיך טיף פאַרוואָרצלט אינם באָדן פונם זיך בויענדיקן היימלאַנד. אינם ברויזנדיקן רוסלאנד איז דאָס געווען די תקופה פון אויפשטייגענדיקן יידישיזם, וועלכער האָט סימבאָליזירט אין מזרח־אייראָפּע די פאָלקסטימלעכקייט, און דידאַקטישע אַלגעמיינע שטימונג האָט נישט וויניק געווירקט אויף אונזערע קאָנפערענץ־באַשלוסן. דעם אמת זאָגנדיק, זיינען שוין דעמאָלט געווען צווישן אונז אַזעלכע וועלכע האָבן געצווייפלט און אויך געווען קעגן אַ צייטונג אין יידיש, אָבער נאָכדעם, ווי מען האָט אָנגענומען דעם באַשלוס איז מען צוגעטרעטן מיט דער גאַנצער ענערגיע אים אויסצופירן.

אויף דערדאָזיקער קאָנפערענץ בין איך אויסגעוויילט גע־וואָרן אַלס פּאַרטיי־דעלעגאַט צום קאָנגרעס.

איך האָב זוכה געווען צו זיין דער ערשטער פּועלי־ציון דעלעגאַט פון ארץ־ישראל.

עס האָבן זיך אַנטוויקלט אַ דיסקוסיע וועגן די חברים־סאָציאַ־ליסטן, וועלכע אָנערקענען נישט דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פּראָגראַם, און נאָך אַ ווערטער־אויסטויש איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די חברים, וועלכע קומען פון די אויסלענדישע פּועלי־ציון פּאַרטייען, אָן שום אונטערשיד פון וועלכער עס איז שטרעמונג, ווערן אָנגענומען אין דער פּאַרטיי, אויב זיי פּאַרפליכטן זיך נישט אָנצופירן קיין אַגיטאַציע געגן די אָנגענומענע פּרינציפּן פון דער ארצישראלדיקער פּאַרטיי.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן וועגן די רעכט און פליכטן פון דעם פּאַרטיי־חבר, פון די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס און זייערע קאָמ־פּעטענצן, וועגן צוזאַמענרופן אַלגעמיינע קאָנפערענצן; וועגן דעם ראַט און דעם צענטראַל־קאָמיטעט; עס איז באַשלאָסן געוואָרן וויילן אַ ברייטערן ראַט; די וואַלן זענען געהיימע און די רעזולטאַטן וועלן געהאַלטן ווערן בסוד; די פאַרבינדונגען מיט די אָרטיקע קאָמיטעטן וועלן געפירט ווערן דורך אַ חבר — אַ פאַרמיטלער, אַ פאָרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט. דער צענטר צוזאַמען מיטן ראַט באַשטימען אַ צוזאַמענטרעף פון דעלעגאַטן.

אין די וואַלן צום צענטראַל־קאָמיטעט האָבן זיך אַקטיוו באַ־טייליקט 53 חברים (די רעזולטאַטן זענען פאַרבליבן אין געהיים).

חבר בן־גוריון האָט רעפערירט וועגן ציוניסטישן קאָנגרעס. נאָכן רעפעראַט איז פאָרגעקומען אַ דיסקוסיע אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט בית־לחמי, מאָרגנשטערן און י. בן־צבי.

נאָך דעם האָב איך רעפערירט וועגן דעם פּועלי־ציון וועלט־קאָנגרעס און איך האָב געמאַכט פאָרשלאַגן און דאָס איז דער אינהאַלט פון מיינע ווערטער (לויטן פאַרבליבענעם פּראָטאָקאָל):

— מיר דאַרפן זיך פאַרייניקן אין איין וועלטלעכן פּועלי־

ציון־פאַרבאַנד, אין וועמענס נאָמען מיר וועלן אַרויסטרעטן אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס. מיר דאַרפן זיך באַטייליקן אין דער וועלט־קאָנפערענץ, כדי מיר זאָלן צווישן זיך באַשטימען: א) וועגן שאַפן אַ פאַרייניקטע ביוראָ; ב) כדי אָנטיילצונעמען אין אינטערנאַציאָנאַל און אין אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס. ספּעציעל וויכטיק איז פאַר אונז, ארצישראלדיקע, צו באַטייליקן זיך אין דער קאָנפערענץ, ווייל ארץ־ישראל איז דער צענטר פון דער פאַראינטע־רעסירטקייט פון די איבריקע פּועלי־ציון פּאַרטייען — פון דער רוסישער, עסטרייכישער און אַמעריקאַנישער. עס איז נויטווענדיק צו שאַפן אַן אויסערלעכן און אינערלעכן אינפאָרמאַציע־צענטר. אין ארץ־ישראל דאַרף געשאַפן ווערן אַ אינסטיטוציע אין וועלכער עס זאָלן זיך אויך באַטייליקן פאַרטיי־פאָרשטייער פון גלות, כדי אַדורכצופירן די אויפגאַבן און אַרבעטן, וועלכע איך האָב דערמאָנט. די פּועלי־ציון אין אַלע לענדער דאַרפן שאַפן אַ פאָנד, וואָס זיין אויפגאַבע, צווישן אַנדערע, זאָל זיין די אויספאָרשונג פונם מצב אין לאַנד.

פון בוך „געשיכטע פון פּועלי־ציון אין ארץ־ישראל" (העברייאיש) וואָס האַלט ביים דערשיינען אינגיכן.

## ש. קאַפּלאַנסקי / ערשטע שריט

אינם זומער 1903 האָט דער יוגנטלעכער אַרבעטער־פאַריין אין ווין אָנגענומען דעם העראָאישן באַשלוס, צו גרינדן אַ חודש־זשורנאַל. — — — אָבער שוין נאָך 2—3 נומערן האָט זיך אַריינגעמישט דער ווינער „אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער פאַריין", וואָס האָט פאַרייניקט אַלע פּראָלעטאַריש־ציוניסטישע עלעמענטן און האָט איבערגענומען די צייטונג. אין אָקטאָבער 1903 איז אַרויס דער ערשטער נומער פונם „יידישן אַרבעטער" אין דייטשער שפּראַך. — — די ערשטע נומערן פונם „יידישן אַרבעטער" האָבן געמאַכט אין ווין נישט קיין קליינעם רושם. כמעט אַלע אַקטיווע חברים פונם אַרבעטער־פאַריין און די יוגנטלעכע, צווישן זיי עטלעכע עכטע באַגייסטערטע אַרבעטער־קינדער, פלעגן מקבל־פּנים זיין יעדן נומער, באַלד ווי ער איז אַרויס פון דער מאַשין, ביי דער דרוקעריי, און תיכף לויפן פאַרקויפן די צייטונג, וואָס האָט געפלאַקערט פון ענטוזיאַזם און יונגן חשק צום קאַמף קעגן דער גאַנצער וועלט. אין ווין אַליין האָט מען אין יענער צייט פאַרקויפט צו 300 עקזעמפּלאַרן. דאָס בלאַט האָט באַלד געבראַכט אין פאַרבינדונג די ווינער נאַציאָנאַל אָרגאַניזירטע אַרבעטער מיט די יידישע האַנדלסאָנגעשטעלטע־אגודות אין גאַליציע. די באַוועגונג האָט אָנגעהויבן צו וואַקסן, מען האָט געפילט די נויטיקייט צו צופּאַסן דעם אָרגאַן צו די באַדערפענישן פון די ברייטע יידישע פאָלקסמאַסן. אינזליכט (פון די אַקטיווע פּאַרטיי־חברים אין ווין — די רעד.) איז געקומען אויפן געדאַנק

פון אַ יידישער ביילאַגע. דאַמאָלט זענען צוגעצויגן געוואָרן צו דעם פּרעס־קאָמיטעט, וואָס האָט געפירט אַלע ענינים פונם „אַר־בעטער", ה. נתן גראָס, דער אָבמאַן פון אַרבעטער־פאַריין, וואָס האָט רעפּרעזענטירט אין זיין פּערזאָן די פאַרייניקונג פון מזרח און מערב. אויך איך האָב דאַמאָלט, אַ נאָר וואָס אָנגעקומענער יונגער־סטודענט, אָנגעהויבן נאַשן פונם עץ־הדעת פון דער זשורנאַליסטיק, קיין דייטש האָב איך דאַמאָלס נישט געקענט שרייבן. אַזוי האָב איך אויסגעלייענט פאַר אָבערניקן (רעדאַקטאָר פון דער צייטונג — די רעד.) און גראָסן אַלץ, וואָס איך האָב געוווּסט איבערן „בונד" און איבער די „פּועלי ציון" אין רוסלאַנד — און זיי פלעגן באַאַרבעטן דעם „מאַטעריאַל" אין אַרטיקלען. עס זענען געווען שלאָפלאָזע נעכט, וועלכע מיר האָבן פאַרבראַכט אינם „קאַפע בערזע" און אויפן ווינער רינג. און דער יונגער אָבערניק, פול מיט יידישן און טשעכישן רעוואָלוציאָנערן ברען, האָט געשלונגען ווי אַ נייע תורה די שילדע־רונגען פון דעם לעבן און שטרעבן פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן, דאָרט אינם וויטן רוסלאַנד. צו יענער צייט איז אויסגעבראָכן דער שטרייק פון די טאַבאַק־אַרבעטער אין שערעשעווסקיס פאַבריק אין גראָדנא. אָבערניק האָט אויפגעהויבן אַ גרויסע אַגיטאַציע, און דער ווינער אַרבעטער־פאַריין האָט געזיכערט נישט קיין אומבאַדייטנדע סומען פאַר די שטרייקנדע. אַזוי איז דער „יוד. אַרב." געבוירן געוואָרן מיטן געדאַנק פון דער אַלוועלטלעכער אייניקייט פונם יידישן אַרבעטער־קלאַס. די ערשטע יידישע ביילאַגע איז אַרויס, דאַכט זיך מיר, אין דעצעמבער 1903, די צווייטע אין פעברואַר 1904. דאָס זענען געווען פלוגבלעטער, אַ מין מאַניפעסט אויף צוויי זייטן.

דערווייל האָט די מאָנאַטלעכע צייטונג געהאַט איר פּעולה. זייט יאָרן האָבן עקזיסטירט אין עסטרייך יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע־פאַריינען, וואָס זענען געשטאַנען אין דער יידישער פראַגע אויפן נאַציאָנאַלן און ציוניסטישן שטאַנדפּונקט. אינסטינק־טיוו, בחוש האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז די אַלגעמיינע ציוניסטישע

אָרגאַניזאַציעס קענען זיי נישט באַפרידיקן. שוין די געזעלשאַפט־לעכע חלוקים, האָבן אַרויסגערופן באַזונדערע פּראָלעטאַרישע אָר־גאַניזאַציעס. אָבער זיי האָבן געפילט, אַז זייער סעפּאַרירונג האָט טיפערע סיבות. זיי האָבן געוווּסט אַז זיי קומען צום ציוניזם אויף אַן אַנדער וועג. אַז זייערע צילן אינם ציוניזם מוזן זיין אַנדערע. גראָס האָט דאָס ריכטיק פאָרמולירט בעת ער האָט געזאָגט אויפן ערשטן אַדער צווייטן צוזאַמענפאָר: „מיר זענען געקומען צום גרעסטן טייל פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, וואָס וויל נישט באַפרידיקן אונזערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. אָבער קומענדיק צום ציוניזם זענען מיר נישט געוואָרן קיין רענעגאַטן פונם סאָציאַליזם״. אין דער לופט האָט זיך געטראָגן דער פאַרלאַנג נאָך אַ סינטעזע צווישן סאָציאַליזם און ציוניזם. אָט די פאַרבינדונג פון ביידע אידעאַלן האָט געזוכט דער „יידישער אַרבעטער״ און ער האָט געפונען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג. קודם־כל האָבן זיך אָפּגערופן די יידישע אָנגעשטעלטע־פאַריינען אין גאַליציע, וואָס האָבן געהאַט אינם זומער 1903 אַ צוזאַמענפאָר און באַשלאָסן צו גרינדן אַ פאַרבאַנד. דער פרעסקאָמיטעט פונם „אַרבעטער״ איז געוואָרן צו דערזעלבער צייט אַן אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטעט פונם ערשטן עסטרייכישן צוזאַמענפאָר פון די יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. ער האָט איינגעלאַדן אַלע פאַריינען צו שבועות 1904 קיין קראַקוי, וווּ סאיז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן דעם „פאַרבאַנד פון יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע״. דער פאַרבאַנד האָט אָנגענומען דאָס באַזעלער פּראָגראַם און פּראָקלאַמירט צו דער אייגענער צייט (לויט די פּראָגראַמאַטישע טעזיסן פון ח׳ גראָס) אַז אין אַלע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פראַגן איז ער אויטאָנאָם און נישט אָפּהענגיק פונם ציוניסטישן קאָנגרעס. דער ווונטש צו פאַרייניקן אַלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס שטייען אויפן יסוד פון ציוניזם און סאָצאַליזם — מען האָט דאַמאָלט פאָרזיכטיק געזאָגט, „אויפן שטאַנד־פּונקט פונם קלאַסן־קאַמף״ — האָט געפירט דערצו, אַז דער צו־זאַמענפאָר האָט אָנגענומען דעם נאָמען „פועלי ציון״.

„דער יידישער אַרבעטער" וואָס האָט צוזאַמענגעבראַכט די פאַרייניקונג פון די עסטרייכישע פועלי ציון, איז געווען אַצינד דער אָרגאַן פון דעם פאַרבאַנד. דער שווער־פּונקט פון דער באַוועגונג איז אַריבער קיין גאַליציע — די פאַרבאַנדסלייטונג איז געווען אין קראַקוי — און סאיז געווען אַ נאַטירלעכער פּראָצעס, אז דער דייטשער אָרגאַן איז געוואָרן אַלץ קלענער — און די יידישע ביילאַגע איז געוואָרן דער עיקר. דער טרויער־נומער נאָך הערצלס טויט איז אַרויס שוין 8 זייטן שטאַרק, און אַן ערך פון אָקטאָבער 1904 איז דער „ייד. אַרב." געוואָרן אַ ריין־יידיש בלאַט. די רעדאַק־טאָרן זענען געווען גראָס און איך. אין פעברואר 1905 האָט דער פאַרבאַנד באַשלאָסן, אַז דער „יידישער אַרבעטער" זאָל אַרויס צוויי מאָל אַ חודש. פון דאַמאָלס אָן האָבן מיר אים רעדאַקטירט אין ווין און געדרוקט אין קראַקוי.

דאָס ערשטע האַלבע יאָר 1905 איז אויסגעפילט געווען מיטן קאַמף קעגן דעם טעריטאָריאַליזם און מיט פּאָלעמיק קעגן די רוס־לענדישע ציוניסטן־סאָציאַליסטן, וואָס האָבן זיך ערקלערט קעגן ארץ־ישראל. צו דער אייגענער צייט האָט דער „ייד. אַרב." אָנגעהויבן סיסטעמאַטיש פּראָפּאַגאַנדירן אָפענהיימערס אידייען פון קאָאָפּעראַ־טיווער קאָלאָניזאַציע. אין דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָבן זיך געוויזן סימנים פון אַ יידישער אָפּאָזיציע, וואָס האָט פאַר־לאַנגט אַ יידישן אַגיטאַציאָנס־קאָמיטעט. זי איז צוטראָטן געוואָרן אָן רחמנות. דער „ייד. אַרב." האָט דאַמאָלט נישט ווינציק געטאָן, כדי צו שטאַרקן דעם נאַציאָנאַלן שטאָלץ פון די יידישע אַרבע־טער אין דער פּ.פּ.ס.ד.* און האָט זיין חלק אין דעם, וואָס די רייבונגען האָבן סוף כל סוף געפירט צו דעם אַרויסטריט פון די „סעפּעראַ־

* פּוילישע סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין גאַליציע. אידעאָלאָגיש נאָענט צו די פּ.פּ.ס. האָט זי אויף אַ אומווירדיקן אופן באַקעמפט יעדע שטרעבונג פון די יידישע אַרבעטער צו זעלבסטשטענדיקייט. אין 1905 האָבן גרופּן פון יידישע אַרבעטער פאַרלאָזן די פּ.פּ.ס.ד. און געגרינדעט די יידישע סאָציאַלדע־מאָקראַטישע פּאַרטיי. די פּ.פּ.ס.ד. האָבן זיי געשטעמפּלט אַלס „סעפּאַראַטיסטן".

טיסטן״ * פון דער פוילישער פּאַרטיי. די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין רוסלאַנד האָט דער „ייד. אַרב.״ אָפּגעשפּיגלט כמעט אין יעדער נומער. באַלד איז די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע אַריבער אויך קיין עסטרייך. סהאָט זיך אָנגעהויבן די באַוועגונג פאַרן אַלגעמיינעם גלייכן וואַל־רעכט. עס וועט בלייבן דער שטאָלץ פונם „יידישן אַרבעטער״, אַז ער האָט דער ערשטער אין אָקטאָבער 1905 אַרויס־געגעבן די פּאַראָלע — קאַמף פאַרן גלייכן וואַל־רעכט, אָבער אויך פאַר דער זיכערונג פון אַ פּאַרלאַמענטאַרישער פאַרטרעטונג פאַרן יידישן פאָלק אין עסטרייך. דער „ייד. אַרב.״ האָט געשטעלט די פאָדערונג פונם פּראָפּאָרציאָנעלן וואַל־סיסטעם, אָדער פון נאַציאָ־נאַלע קוריעס. די ווירקונג און דער רושם פון די רעדאַקציאָנעלע נאָטיצן פונם „ייד. אַרב.״ איז דאַמאָלסט געווען פשוט געוואַלטיק. אַ שטורם־באַוועגונג האָט אַרומגענומען די ברייטע יידישע מאַסן, בפרט אונזערע חברים. מען קען זאָגן, אין יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבן די עמאַנסיפּאַציע פון די יידישע פאָלקסמאַסן אין גאַ־ליציען פון דעם פּאָליטישן יאָך פון דער פוילישער שליאַכטע.

„דער יידישער אַרבעטער״, לעמבערג 1913

## ב. לאָקער / אין גאַליציע

ווי־אַזוי האָט אויסגעזעען די יידישע גאַס ובפרט אין גאַליציען, איידער סאיז געגרינדעט געוואָרן אונזער פּאַרטיי? דער קולטורעלער מצב פון די יידישע מאַסן איז געווען אַ שרעקלעך נידריקער. פינס־טערניש און רעליגיעזער פאַנאַטיזם האָבן פאַרשפּרייט זייערע שוואַרצע פליגלען איבער די יידישע פאָלקס־מאַסן, קיין שטראַל פון מאָדערנער קולטור האָט זיי נישט געקענט דורכדרינגען. פּאָלי־טיש האָט אונזער פאָלק נאָך געהאַלטן אין סאַמע טיפן ווינטער־שלאָף, אין זיין נאָמען האָבן געמאַכט זייערע פּאָליטישע שמוצ־געשעפטן די פאַרשידענע אַסימילאַטאָרישע ברואים, אויף זיינע

פלייצעס האָט געהערשט דער אַלמעכטיקער סטאַראָסטע, און דער־דאָזיקער שיינער צווייבונד האָט געמאַכט די יידישע מאַסן פאַר אַ שטום ווערקצייג פון דער פינסטערער רעאַקציע. אַלע שוואַרצע כוחות אינם לאַנד האָבן אויסגענוצט די פינסטערע אויסגעהונגערטע יידישע מאַסן צו זייערע נידריקע פּאָליטישע צוועקן. אַ הייפעלע קהלניקעס און פּראָצענטניקעס האָבן פאַרקויפט די מאַטעריעלע און קולטורעלע אינטערעסן פונם פאָלק און דעם נאַציאָנאַלן כבוד פון די מאַסן צו דער פּוילישער שליאַכטאַ — אַלע דידאָזיקע עלעמענטן האָבן שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז דער געדיכטער חושך, וואָס האָט געהערשט אין דער יידישער גאַס זאָל ווייטער רואיק פירן זיין ממשלה איבער דעם אומגליקלעכן יידישן פאָלק.

און נישט ווייניקער פאַרפינסטערט איז געווען דאַמאָלס דער יידישער אַרבעטער. סהאָט אַפילו כלומרשט שוין עקזיסטירט אַ שטיקל סאָציאַליסטישע באַוועגונג צווישן די יידישע אַרבעטער אין די גרויסע שטעט, אָבער — דידאָזיקע „באַוועגונג" וואָס איז אָנגע־פירט געוואָרן פון פּ.פּ.ס.ד. האָט אַלץ אין זין געהאַט, נאָר איין זאַך נישט: אַריינצוטראָגן אַ ביסל ליכט אין די מוחות פון די יידישע אַרבעטער. ווער סוועט אַמאָל שרייבן די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין גאַליציע, וועט פאַרוואונדערט זיך אָפּשטעלן ביי דער פּ.פּ.ס.־ישער אַרבעט אין דער יידישער אַרבעטער־גאַס און ביי אירע דערפאָלגן. ער וועט נישט ווייניק שטוינען, הערנדיק פון שטרייקן ביי וועלכע מען לאָזט די שטרייקנדיקע אַרבעטער שווערן ביי דער הייליקער תורה, אַז זיי וועלן נישט גיין צו דער אַרבעט (וועבער־שטרייק אין קאָלאָמיי, 1892), פון „קלאַסנ־באַוווסטע" אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע גיבן צו די ערשטע סליחות אַ ספר־תורה אין שול אַריין (זע די קאָרעספּאָדענץ פון סטאַניסלוי, „ייד. ארב." 1907, נומ. 41).

ספּאַרשטייט זיך אַליין, אַז קיין גרויסע קולטור־מיסיע האָט אַזאַ מין „באַוועגונג" צווישן די יידישע אַרבעטער נישט אויסגעפירט. די פּ.פּ.ס.ד. האָט אויך קיינמאָל אין זין געהאַט די קולטורעלע

דערהויבונג פון די יידישע אַרבעטער, פאַר איר, ווי פאַר אַלע פוילישע פּאַרטייען איז די יידישע גאַס געווען בלויז אַן אָביעקט פון הערשאַפט, אַ קוואַל פון פּאָליטישער מאַכט, אַ מקור פון נאַציאָנאַלער עקספּלואַטאַציע. ווענדיק האָבן די פּאָליטישע השפעה איבערן יידישן פּראָלעטאַריאַט האָט די פוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע געמוזט זיך שטעלן אויפן שטאַנד־פּונקט פון אַסימילאַציע, און שטרעבנדיק צו דער אַסימילאַציע האָט זי נישט געקענט פירן קיין קולטור־אַרבעט צווישן יידישן פּראָלעטאַריאַט, וועלכע מוז פירן צום באַנקראָט פון דער אַסימילאַציע.

— — — און די אינטעליגענץ? אַ טיפער תהום האָט זי אָפּגעשיידט פון די יידישע מאַסן. קיין שום פעדים האָבן זי נישט צוגעבונדן צו דער היים, פון וועלכער זי איז אַרויסגעוואַקסן, קיין שום שייכות האָט זי נישט געהאַט מיט די ליידן און פריידן, מיט די טאָג־טעגלעכע דאגות און יסורים פון די ברייטע יידישע שיכטן, אויף וועלכע זי האָט אַראָפּגעקוקט מיט אַ געפיל פון פאַראַכטונג. ווער סהאָט נאָר עפּעס אַ נאַש־געטאָן פון דער אַרומיקער קולטור, האָט עס תיכף געהאַלטן פאַר זיין קולטור־חוב, צו פאַרברענען הינטער זיך די בריקן, וועלכע האָבן אים אַרויסגעפירט אויף דער יידישער גאַס, נישט צו האָבן מער קיין שום מגע ומשא מיטן פּשוטן יידישן המון. און דער בולטסטער אויסדרוק פון דערדאָזיקער באַציאונג פון דער יידישער אינטעליגענץ צו די יידישע מאַסן, איז געווען איר באַציאונג צו דער יידישער פאָלקסשפּראַך. ריידן יידיש, יאָ קענען יידיש האָט די אינטעליגענץ געהאַלטן פאַר אַ בושה, פאַר אַ סימן פון מאַנגל אין קולטור. מיטן וואָרט זשאַרגאָן האָט זיך פאַרבונדן ביי דערדאָזיקער אינטעליגענץ די פאָרשטעלונג פון אומריינקייט, שמוץ און אָפּגעשטאַנענקייט.

און דידאָזיקע אינטעליגענץ האָט זיך פאַרייניקט מיט דער פוילישער שליאַכטע און די יידישע קהלניקעס, רבי׳ים און פּרנס חודש׳ים — כדי אינאיינעם אויסצוזויגן עקאָנאָמיש און פּאָליטיש דאָס יידישע פאָלק.

אמת, ס׳האָט שוין דאַמאָלט עקזיסטירט די ציוניסטישע באַוועג־גונג צווישן דער יידישער אינטעליגענץ און דער טייל פון דער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך געשטעלט אונטער דער פאָן פון ציו־ניזם האָט בלי־ספק געהאַט נעענטערע באַציאונגען צו די מאסן, איז קודם כל געווען ערלעכער און ריינער, ווי די דעגענערירטע דעמאָ־ראַליזירטע פּאָליאַקן פון משה רבנו׳ס גלויבן, אָבער אין תוך האָט זיך פּאָרט קיין סך נישט געענדערט.

אין אַזעלכע אומשטענדן האָט אונזער פּאַרטיי אָנגעהויבן איר אַרבעט אין דער יידישער גאַס. און שוין דאָס ערשטע אַרויסטרעטן אירס איז געווען אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין לעבן פון די יידישע מאַסן. קודם כל האָט זיך אויפגעהויבן דער יידישער אַרבעטער פון זיין לאַנגיעריקן שקלאַפן־שלאָף און אָנגעהויבן צו פאָדערן בעסערע אַרבעטס־און לעבנס־באַדינגונגען. סוועט בלייבן אַ פאַרדינסט פון אונזער פּאַרטיי, וואָס מיר האָבן די ערשטע געוואָרפן אין דער יידישער אַרבעטערשאַפט דער לאָזונג פון קאַמף פאַר העכערע שכירות, קלענערע אַרבעטסצייט און מענטשלעכע אַרבעטס־באַדינגונגען מיט מאָדערנע פּראָלעטאַרישע מיטלען. די ערשטע אָרגאַניזאַציאָנס־פאָרם פון אונזר פּאַרטיי איז געוון אַ פּראָפעסיאָנעלער פאַרבאַנד און ווער ס׳בלעטערט די ערשטע יאָר־געגנג פונם „יידישן אַרבעטער" וועט באַלד געפינען אַז שוין אין די ערשטע יאָרן פון אונזער עקזיסטענץ פירן מיר דורך אין אַ גאַנצער שורה פון גאַליצישע שטעט און שטעטלעך אַ גרויסע צאָל שטרייקן און לוינבאַוועגונגען, וועלכע האָבן לרוב געבראַכט בערך גוטע רעזולטאַטן. די געווערקשאַפטלעכע אַרבעט האָבן מיר פונם ערשטן מאָמענט אָן באַטראַכט פאַר אַן אָר־גאַנישן טייל פון אונזער פּאַרטיי־טעטיקייט. מיר האָבן די ערשטע געוועקט די געווערקשאַפטלעכע ענערגיע פון די יידישע אַרבעטער. מיר האָבן די ערשטע דערצויגן אונזערע חברים צו געווערקשאַפט־לעכן דענקען און פילן.

בפרט איין גרויסע שיכט פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט איז געווערקשאַפטלעך געווען ענג צונויפגעבונדן מיט אונזער פּאַרטיי—

די האַנדלסאָנגעשטעלטע. פון דער ערשטער באַוועגונג פאַר דער 9 אַ זייגער שפּערע*, פון די ערשטע שטרייקן אין די יאָרן 1904—1906 ביז צו די לעצטע אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעטן פונם יידישן האַנדלס־אָנגעשטעלטן־פאַרבאַנד זענען אונזערע חברים תמיד געווען די אָנפירערס פון דער באַוועגונג צווישן די האַנדלסאָנגעשטעלטע וועלכע האָט אָפטמאָל אָפּגעקאָסט אונזערע חברים וואָכן און חדשים אין קערקער און געבראַכט פאַרפאָלגונגען מצד די בעהערדן און בעלי־בתים.

אַ דאַנק דער הערלעכער דערציאונגס־אַרבעט פון אונזער יוגנט־באַוועגונג איז אויפגעוואַקסן אין אונזער פאַרטיי אַ טיפּ פון יידישע אַרבעטער, וואָס זענען אַ גאָר נייע דערשיינונג אין דער יידישער גאַס: סאיז נישט מער דער פינסטערער פאַרשקלאַפטער אַרבעטער פון פאַר 10 יאָר, נאָר אַ קלאַסן־באַוווסטער און נאַציאָנאַל־פילווערטיקער יידישער פּראָלעטאַריער, וועמענס לעבנס־אינהאַלט איז לעבן דער אַרבעט — דאָס בוך, דער געדאַנק, די קונסט. אַן אַרבעטער וואָס זיין קאַמף פאַר בעסערע שכירות און קלענערער אַרבעטס־צייט האָט אַ העכערן, אַ מענטשלעך־קולטורעלן זין, אַ פּראָ־לעטאַריער מיט אַ פאַרפיינערטער קלאַסן־אידעאָלאָגיע, וועלכע מאַכט אים שוין היינט פאַר אַ בירגער פון דער קומענדיקער מענטשהייט.

בכלל איז די גאַנצע יידישע קולטור־באַוועגונג אין גאַליציע אין ערשטער ליניע אַ פּראָדוקט פון אונזער פאַרטיי־אַרבעט.

די גרויסע היסטאָרישע ראָל פון אונזער פאַרטיי אין אַלע פּאָליטישע אַרויסטרעטונגען פון די יידישע מאַסן אין די לעצטע יאָרן איז אַלעמען צו גוט באַקאַנט. שוין אינם קאַמף פאַרן וואַל־רעכט אין די יאָרן 1905 און 1906 און שפּעטער אין וואַל־קאַמף 1907 זענען מיר געשטאַנען אין די ערשטע שורות און אַריינגעלייגט אין דעם קאַמף אונזער באַזונדערן יידיש־פּראָלעטאַרישן אינהאַלט.

„דער יידישער אַרבעטער“, לעמבערג, 1913

* פאָדערונג צו שליסן אַלע געשעפטן 9 אָוונט.

## ה. עהרנרייך / די פועלי ציון פאַרטיי אין אַמעריקע

שבת, דעם 23־טן דעצעמבער 1905, האָט זיך געעפנט אין באַלטימאָר די ערשטע קאָנווענשאָן פון דער „פועלי ציון" אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע. צו דער קאָנווענשאָן זענען געקומען צוויי און צוואַנציק דעלעגאַטן פון אַכט פאַריינען אין ניו־יאָרק, פילאַדעלפיא, שיקאַגאָ, באַלטימאָר, סט. לואיס, פאַסייק, באָסטאָן און ראָטשעסטער. די קאָנווענשאָן האָט אויסגעאַרבעט די פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי, האָט באַשטימט איר גרונד־כאַראַקטער און פיזיאָנאָמיע — די קאָנווענשאָן האָט אָרגאַניזירט די פועלי ציון פאַרטיי אין אַמעריקע.

אין דער פּראָגראַם, אָנגענומען אין באַלטימאָר, אַרום וועלכער עס האָט זיך יאָרן לאַנג געפירט אַ פּראַקטיאָנס־קאַמף אין דער פּאַרטיי, געפינען מיר נישט קיין קלאַנגען פון קלאַסן־קאַמף, קיין סימנים פון דער היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישער וועלט־אויפפאַסונג, וואָס האָט דורכגעדרונגען די פּראָגראַם פון די רוסישע „פועלי־ציון". די אויפפאַסונג פון דער פּאַרטיי איז אַ ריין־אידעאַליסטישע. פון איין זייט „דער גרויסער וועלט־שמערץ פון דער איצטיקער געזעל־שאַפטלעכער אָרדנונג" און פון דער אַנדערער זייט „דער אומנאָר־מאַלער לעבן פון אונזער אומגליקלעכן פאָלק" פירט צום ציוניזם און צום סאָציאַליזם. קיין איינהייט אין דער פּראָגראַם איז נאָך נישטאָ. אַ טיפער דואַליזם.

די פּאַרטיי דערקלערט, אַז זי וועט קעמפן „פאר דער פולער

גלייכבאַרעכטיקונג פון יידישן פאָלק אין די גלות־לענדער". אָבער זי אַנטזאַגט זיך צו דעפינירן וואָס זי מיינט דערמיט.

העברעאיש ווערט פראָקלאַמירט אַלס „די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון יידישן פאָלק". יידיש ווערט באַצייכנט אַלס זשאַרגאָן, און די „זשאַרגאָנישע שפּראַך" — זאָגט די אָפיציעלע דערקלערונג צו דער פּראָגראַם — איז אויך פאַריבערגייענדיק ווי די אַנדערע שפּראַכן, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט גערעדט אין די פאַרשידענע תקופות פון זיין געשיכטע, און אויב „די זשאַרגאָנישע ליטעראַטור פאַרשפּרייט זיך איצט צווישן די מאַסן, וואָס פאַרשטייען נישט קיין אַנדער שפּראַך, לעזן נישט קיין אַנדער ליטעראַטור, פאַרלירט זי אָנשטאָט דעם ביים יונגן דור". די העברעאישע ליטעראַטור אָבער „וועט נישט נאָר זיין פון נאַציאָנאַלער באַדייטונג פאַר אונז אַליין, נאָר אויך פון באַדייטונג פאַר דעם אויפלעבנדן סעמיטישן אָריענט", ווערט געזאָגט אין דער אָפיציעלער דערקלערונג צו דער פּאַרטיי־פּראָגראַם.

אויף איר ערשטער קאָנווענשאָן נעמט די פּאַרטיי נישט אָן קיין „דאָגמאַס פון קיין סאָציאַליסטישע פּאַרטיי". עס ווערט געגעבן „די פרייהייט צו איינצלנע חברים און פאַריינען אָנצונעמען די סאָציאַליסטישע ריכטונג, וועלכע זייער איבערצייגונג דיקטירט זיי". עס ווערט נישט אָנגענומען קיין פעסטע שטעלונג צו די יוניאָנס. די קאָנווענשאָן רעקאָמענדירט די חברים אַריינצוטרעטן אין די יוניאָנס, אָבער זי לאָזט איבער פאַר דער אַנטשיידונג פון יעדן חבר אָן וועלכער פון די יוניאָנס זיך אָנצושליסן — אָן די יוניאָנס וואָס באַלאַנגען צו דער „אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר" אָדער „וואָירלד וואָירקערס".

די קאָנווענשאָן באַטראַכט נישט די פּאַרטיי פאַר אַ באַזונדער קערפּערשאַפט פון דער אַלגעמיין ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. פאַרקערט, זי דערקלערט, אַז „מיר זענען פּרינציפּיעל פאַר דעם אָנשליסן זיך אָן דער „פעדערײשאָן אָף אַמעריקאַן זייאָניסט". און אין פאַרלויף פון דעם ערשטן יאָר מאַכט קלאָר דער צ. ק., אַז ער איז גרייט צו צאָלן דער „פעדערײשאָן" דעם באַשטימטן מיטגליד־

שטייער, נאָר ער פאַרלאַנגט, אַז אַ טייל פון דעם געלט זאָל גיין פאַר דער „פועלי ציון"־פּראָפּאַגאַנדע. די פאַרטיי איז טאַקע שפּעטער געווען פאַרטראָטן אייניקע יאָר אויף די קאָנווענשאָנס פון די אַלגע־מיינע ציוניסטן אין אַמעריקע און זי האָט אויך געהאַט אַ פאַרטרע־טער אין דער עקזעקוטיווע פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע.

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז אויף דער קאָנווענשאָן מיט 21 יאָר צוריק איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן גרופּן פון „חלוצים" צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. די אַמעריקאַנער פאַרטיי איז ווארשיינלעך דאַמאָלט געווען די ערשטע, וועלכע האָט אַוועקגע־שטעלט די פראַגע אויף איר טאָג־אָרדנונג. אַזעלכע גרופּן זענען שפּעטער אָרגאַניזירט געוואָרן אין אייניקע שטעט. אמת, פון דעם איז גאָרנישט געוואָרן. אָבער די גרינדער פון דער פאַרטיי האָבן געפילט די גרויסע באַדייטונג פון אַ „חלוצים"־באַוועגונג פאַר דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל.

די קאָנווענשאָן באַשליסט אַרויסצוגעבן אַ וועכנטלעכע צײַ־טונג. אַזאַ צײַטונג איז טאַקע מיט אַ פּאָר מאָנאַטן שפּעטער אַרויס־געגעבן געוואָרן.

אפילו איצט, פון דערווייטנס, מוז מען מיט באַוווּנדערונג קוקן אויף דעם מוט און אידעאַליזם פון דעם קליינעם הייפעלע מענטשן וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אין באַלטימאָר אין דעצעמבער 1905, צו גרינדן די „פועלי ציון" פאַרטיי.

און קוקט מען זיך צו צו דעם וואָס עס איז אין דעם ערשטן יאָר אויפגעטאָן געוואָרן, ווערט מען ממש אָנגעפילט מיט באַוווּנ־דערונג און טיפן דרך־ארץ פאַר דער אָפּפערווילטקייט און איבער־מענטשלעכער ענערגיע, וואָס די חברים בכלל און די לייטונג בפרט האָבן אַרויסגעוויזן.

די פאַרטיי־אַרבעט ווערט אָנגעפירט אייגנטלעך פון צוויי פונקטן, פון ניו־יאָרק און פילאַדעלפיע. דער סעקרעטאַריאַט געפינט זיך אין ניו־יאָרק, די פאַרוואַלטונג פון „יידישן קעמפער", מיט ה. עדעלשטיין אַלס פאַרוואַלטער, דער פאַרטיי־פאַרלאַג מיט ה. קאָהן

אלס פאַרוואַלטער און די „פועלי ציון"־נאַציאָנאַל־פאָנד־ביוראָ מיט מ. בראון אַלס סעקרעטאַר, געפינען זיך אין פילאַדעלפיע.

נאָך דער קאָנווענשאָן הויבט זיך אָן אַ פיבערהאַפטע פאַר־ברייטונג אַרויסצוגעבן די וועכנטלעכע צייטונג. און דעם 30־טן מערץ, 1906 — אינגאַנצן דריי מאָנאַטן נאָך דער קאָנווענשאָן — הויבט די צייטונג אָן דערשיינען אונטערן נאָמען „יידישער קעמ־פער", מיט ק. מרמר אַלס רעדאַקטאָר. ק. מרמר איז ספּעציעל אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פאַר דעם צוועק פון ענגלאַנד. „דער קעמפער" איז פאַקטיש געווען די ערשטע געזעלשאַפטלעך־ליטע־ראַרישע יידישע צייטונג אין אַ'מעריקע. זי האָט אַרום זיך גרופּירט כמעט די גאַנצע נאַציאָנאַל־דענקנדע יידישע אינטעליגענץ, און זי איז טאַקע געוואָרן די צייטונג פון דער יידישער אינטעליגענץ.

אַ קורצע צייט נאָך דער קאָנווענשאָן ווערט געגרינדעט דער „פועלי ציון"־פאַרלאַג מיט אַ גרויסן פאַרנעם. ער שטעלט זיך גרויסע אויפגאַבן. פאַר דער צייט, וואָס דער פאַרלאַג איז געווען אין פילאַדעלפיע, האָט ער אַרויסגעגעבן די פאַרטיי־פּראָגראַם אין אַ באַזונדער בראָשורע, אַן אילוסטריטן בצלאל־אַלבאָם און אַ בראָשורע וועגן „ציוניזם און טעריטאָריאַליזם".

איבערן לאַנד פאָרן אַרום פּראָפּאַגאַנדיסטן. דער באַרימטער חבר א. אַבערסאָן, בעלאַ פּעווזנער, ישראל אַפּעלבוים, ד"ר ל. קאַ־פּעלאָוויטש באַזוכן שטעט און שטעטלעך, האַלטן אָפּ מאַסן־פאַרזאַמ־לונגען און נייע פאַריינען גרינדן זיך. דעם ערשטן יאָר פאָרט אויך אַרויס פאַר „פּראַקטישע צוועקן" חבר מ. גוטמאַן. זיי אַלע „שטורמען און ברעכן" דעם „שונא'ס פעסטונגען" און בויען אייגענע. די פאַרטיי וואַקסט מיט אַ מערקווירדיקער שנעלקייט. די באַוועגונג צוגיסט זיך איבערן לאַנד. דער קאַמף צווישן די „פועלי ציון" און די „יידיש־שפּרעכנדע" סאָציאַליסטן אָדער „געגנאָסן" און אין דער אמתן בונדיסטן, ווערט ליידנשאַפטלעכער און שאַרפער פון טאָג צו טאָג. אין פיל ערטער רייסן בונדיסטן אויף מאַסן־מיטינגען פון די „פועלי ציון", וועלכע ענטפערן „מיט שטאַרקע אַרגומענטן" און

רייסן אויף די מיטינגעז פון די בונדיסטן. עס קומט אָפּט צו געשלעגן. די „פועלי ציון" לאָזן נישט דורך קיין איין פאַרזאַמלונג פון די קעגנער. זיי קומען דיסקוטירן, און אויב מען לאָזט זיי נישט, קען מען פון זיי אַנדערש נישט פטור ווערן ווי מיט דער הילף פון פּאָליציי. אַזוי איז געווען נישט איינמאָל דער פאַל, און באַזונדערס ווען די בונדיסטן האָבן אַראָפּגעבראַכט אַהער דעם „פּרעזידענט פון דער באַלטישער רעפּובליק", אַ געוויסן מאַקסים.

אַן ערנסטער פאַרזוך ווערט געמאַכט צו גרינדן די חלוצים־גרופּן מיט ש. וואַלדשטיין אַלס אָנפירער. אַזעלכע גרופּן גרינדן זיך אין ניו־יאָרק, נואַרק, פילאַדעלפיע, מאָנטרעאַל. אין סט. לואיס גרינדעט זיך אַ גרופּע פון 11 אונטערן נאָמען „דגל מחנה יהודה" און יעדער פון זיי באַזיצט אַ קאַפּיטאַל פון דריי ביז פינף הונדערט דאָלאַר.

אייניקע נייע פאַריינען גרינדן זיך אין ניו־יאָרק. צווישן זיי אייניקע לאַנדסלייט־פאַריינען, ווי אַ גאַליציאַנער פאַריין, ווו דער לאַנגיעריקער רעדאַקטאָר פון „טאָג", ד"ר ש. מאַרגאָשעס, און ר. אייז־לאַנד זענען געווען פון די אָנפירער, אַ פּאָדאָליער פאַריין, אַ האָמלער פאַריין און אַ „פועלי־ציון"־כאָר.

אין זומער פון 1906 ווערט געגרינדעט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פועלי־ציון פאַריין פון רוסישע פועלי־ציון. אַזאַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַריין האָט זיך אויך געגרינדעט אין פילאַ־דעלפיע. די ערשטע אָפּיציעלע אָפּאָזיציע אין דער פאַרטיי און דער ערשטער עפנטלעכער קאַמף צווישן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע און דער אָפיציעלער מערהייט־ריכטונג אין דער פאַרטיי קומען פאָר אויף דער קאָנווענשאָן אין באָסטאָן, אין דעצעמבער 1906.

צו דער קאָנווענשאָן אין באָסטאָן קומט די פאַרטיי מיט 40 פאַריינען און פופצן הונדערט מיטגלידער, מיט פרעסטיזש און גרויסע אויפטועז. די קאָנווענשאָן ווערט באַגריסט פון ד"ר ה. זאָלאָטאַראָוו און יוסף באַראָנדעס. און דאָס איז דאַמאָלט פאַר דער פאַרטיי געווען

פון גרויס באַדייטונג. אויף דער מאַסן־פאַרזאַמלונג האָט שלום עליכם פאָרגעלעזן.

די פאַרטיי האָט דורכגעמאַכט אַ גלענצענד יאָר. די לייטונג האָט געמעגט דערוואַרטן אָנערקענונג און שבחים. אָבער זעלטן ווען מען טרעפט אויף אַ קאָנווענשאָן אַזוי פיל קריטיק און אַזוי פיל אומצופרידנהייט ווי אויף דער צווייטער פאַרטיי־קאָנווענשאָן. אַ פיר און צוואַנציק שעה האָט זיך די קריטיק געצויגן. די הויפּט־אַטאַקע איז געקומען מצד דער אָפּאָזיציע. אָבער די „לאָיאַלע" האָבן פאַרנומען זייער אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער אַטאַקע אויפן צ.ק. פון דער פאַרטיי. נאָך דער קריטיק אָבער טיילט זיך די קאָנווענשאָן אויף אַ מערהייט און אַ קליינער מינדערהייט. די ערשטע איז צווישן זיך נישט ווייניקער געשלאָסן און סאָלידאַר ווי די צווייטע.

דער הויפּט־קאַמף איז געווען אַרום דער פּראָגראַם. די ס. ד. פראַקציע האָט ביטער אַטאַקירט די פּראָגראַם, אָנווייזנדיק אויף איר דואַליזם, אַז דאָס איז נישט קיין „פּועלי ציון"־פּראָגראַם א. א. וו. די מערהייט האָט באַקעמפט דעם שטאַנדפּונקט, אָנווייזנדיק, אַז די באַדינגונגען אין אַמעריקע דיקטירן דער פאַרטיי צו פאָרמולירן איר פּראָגראַם אַזוי און אַז דער שטאַנדפּונקט פון די אַמעריקאַנער פּועלי ציון איז דער ריכטיקסטער. די אָפּאָזיציע האָט שוין אויף דער קאָנווענשאָן אויפגעהויבן אַ קאַמף קעגן דער שטעלונג פון דער פאַרטיי צו דער שפּראַכן־פראַגע. די מינאָריטעט האָט פאַרלאָרן. די קאָנווענשאָן לעבט איבער אַ האַלבע שעה פון נערוועזער אָנשטרענגונג, ווען די מינאָריטעט ציט זיך צוריק צו באַטראַכטן איר האַנדלונג, נאָכדעם ווי די קאָנווענשאָן האָט אָפּגעוואָרפן יעדן קאָמפּראָמיס. עס ווערט דערפאַר אויפגענומען מיט אמתער פרייד די מעלדונג פון דער פראַקציע, אַז זי בלייבט אין דער פאַרטיי. נישט דערפאַר ווייל זי מוז, נאָר ווייל זי וויל בלייבן און זי וועט אין די ראַמען פון דער פאַרטיי אָנפירן די אַגיטאַציע צו רעווידירן די פּראָגראַם. אַלס אויסדרוק פון אָנערקענונג צו דער פראַקציע ווערט איר פאָרשטייער גלייך דערוויילט פאַר פאָרזיצער פון דער קומענדער זיצונג.

אָבער נישט נאָר אין פּראָגראַם־פּראַגן און טאַקטיק איז די פּראַקציע דורכגעפאַלן. אַזוי האָט זי פאַרלאָרן איר קאַמף פאַר דער פאָדערונג, אַז די פּאַרטיי זאָל זיך צוריקציען פון דער „זייאָניסט פעדערײשאָן". די קאָנווענשאָן וואַרפט אויך אָפּ דעם פאָרשלאַג, אַז די פּאַרטיי זאָל זיך נישט פאַרנעמען מיט פאַרקויפן אַקציעס פון דער קאָלאָניאַל־באַנק. די פּראַקציע האָט בלויז געקענט דורכפירן אַ באַשלוס, אַז אַ קאָמיטעט פון „קעמפער"־רעדאַקציע, צוזאַמען מיט אַ חבר פון דער מינאָריטעט, זאָל באַשטימט ווערן צו באַאַרבעטן די פּראָגראַם און נאָכדעם זי פאַרעפנטלעכן אין „יידישן קעמפער". מיט דער רעזאָלוציע איז די מינאָריטעט אנערקענט געוואָרן און די מערהייט האָט צוגעגעבן, אַז די פּראָגראַם דאַרף דאָך געענדערט ווערן. די אָפּאָזיציע האָט פאַרלאָרן. אָבער מיט אַ דריי יאָר שפּעטער ווערט איינער פון אירע אָנגעזעענע מיטגלידער, מאיר בראָון, גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי. עס איז ווערט צו באַמערקן, אַז אויף דער קאָנווענשאָן האָבן די קאַנאַדער „פּועלי־ציון" געמאָלדן, אַז זיי ציען זיך צוריק פון דער קאַנאַדער ציוניסטישער פעדעראַציע, און די קאָנווענשאָן האָט די האַנדלונג סאַנקציאָנירט.

די קאָנווענשאָן הויבט אָן ענגער פאַרבינדן די חברים און הויבט פון זיי אָן אויסשמידן אַ פּאַרטיי. עס ווערט באַשלאָסן, אַז קיין חבר פון די „פּועלי ציון" טאָר נישט באַלאַנגען צו אַן אַלגעמיין־ציוניסטישן פאַריין. ביז דאַן האָבן אַ צאָל, אפילו אַ קליינע, אויך באַלאַנגט צו די אַלגעמיינע ציוניסטן, אַזוי ווי עס איז געווען דער פאַל מיט דער „פּועלי ציון"־פּאַרטיי אין עסטרייך. עס ווערט שוין דאַן אויפגעהויבן די פראַגע וועגן דער פּאָליטישער טעטיקייט פון דער פּאַרטיי, וועגן דער שטעלונג פון דער פּאַרטיי צו דער „אַמ. פעד. אָוו. לייבאָר" און „אינדאָסטריעל וואָירקערס". אָבער די קאָנווענשאָן האָט מורא צו נעמען אַ פעסטע שטעלונג אין די פראַגן. די פּאַרטיי איז צוטיילט אין דער פראַגע. אַ טייל חברים האַלטן מיט דער ס.פּ.*

* ס. פּ. — סאָשעליסט פּאַרטיי. אונטער דעבס אָנפירונג. מיט אַ מער סאָציאַליסטישן כאַראַקטער און אַ ליניע פון זעלבסטשטענדיקער דערשיינונג

אַן אַנדער טייל מיט דער ס.ל.פּ.,* און אַזוי אויך אין די יוניאָן־פּראַגן.

אויף דער קאָנווענשאָן אין באָסטאָן מיט 20 יאָר צוריק ווערט באַשלאָסן צו שיקן אַ דעלעגאַציע קיין ארץ־ישראל און עס ווערט אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז אין ארץ־ישראל זאָל געגרינדעט ווערן אַ „פּועלי־ציון“־ביוראָ, וועמענס אויפגאַבע זאָל זיין צו דערפאָרשן און אונז פון דער ריכטיקער קוועלע איבערגעבן ווי־אַזוי צו אָרגאַניזירן די „פּועלי ציון“ אויף אָרט אין פּאַלעסטינע גופא. 2) די שייכות צווישן די אַמעריקאַנער „פּועלי־ציון“ צו די אָרטיקע „פּועלי ציון“ אין ארץ־ישראל. 3) דיזעלבע קאָמיסיע זאָל נאָך מעגלעכקייט זען אויב עס זענען דאָ מיטלען צו בילדן אַ יידישע אַרבעטער־ביוראָ אין פּאַלעסטינע. אַ ספּעציעלע קאָמיסיע ווערט דערוויילט מיט דער פראַגע זיך צו באַשעפטיקן.

אויף דער קאָנווענשאָן ווערט באַשלאָסן אַריבערצופירן די רעדאַקציע און פאַרוואַלטונג פון „קעמפער“ קיין ניו־יאָרק. אָבער איידער דער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן האָט די רעדאַקציע אויסגעהערט אַ קריטיק, וואָס איז מאָמענטנווייז געווען ביטערער ווי די קריטיק אויפן צ. ק. עס ווערט אויך דערוויילט אַ ספּעציעלע רעדאַקציאָנס־קאָמיטע פון די חברים אַבערסאָן, וואַלדשטיין און קאָפּעלאָוויץ פאַר דער פאַרטיי־ליטעראַטור און דעם פאַרטיי־אָרגאַן. אַלס רעדאַקטאָר ווערט דערוויילט ק. מרמר.

דאָס יאָר 1907 איז שוין נישט געווען אַזוי גלענצנד, ווי דאָס יאָר 1906. אָבער דערפאַר הויבט די פאַרטיי זיך אָן „אַקלימאַטיזירן“. די פאַריינען הויבן זיך אַלץ מער אָן באַשעפטיקן מיט לאָקאַלע

אין פּאָליטישן לעבן, ווי ס.ל.פּ. זי האָט אויך געהאַט אין יענער צייט אַ גרעסערע השפעה אויף די אַרבעטער.

* ס. ל. פּ. — סאָשעליסט לייבאָר פּאַרטיי אין אַמעריקע, געגרינדעט אין 1877. בעת דער גרינדונג פון פּועלי־ציון און אויך פאַר דעם איז איר השפעה געפאַלן. צו די פּרעזידענט־וואַלן אין יאָר 1904 האָט זי באַקומען נאָר 33.000 שטימען.

גענעלשאַפטלעכע פראַגן, די פּאַרטיי הויבט אָן טיפער אַריינוואַקסן אינם באָדן פון דער יידיש־אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט. אין אירע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען אין דער אַרבעטער־וועלט האָט זיך די פּאַרטיי געהאַלטן נעענטער צו די „אינדאָסטריעל וואָירקערס". די אורזאַכן פאַר דעם זענען געווען: ערשטנס, זענען די „אינדאָסטריעל וואָירקערס" און די ס.ל.פּ. נישט געווען אַזוי פּאַרביסן קעגנעריש צו די „פּועלי ציון". צווייטנס, זיי האָבן גערן אָנערקענט די יונגע פּאַרטיי. דריטנס, לויט מיין מיינונג, האָבן די „פּועלי ציון" אין „אינדאָסטריעל וואָירקערס" און אין דער ס. ל. פּ. געפונען מער ענטוזיאַסטן, אידעאַליסטן און רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט. אָבער וואָס די אורזאַכן זאָלן נישט זיין, האָט די פּאַרטיי די ערשטע יאָרן אונטערשטיצט די ס. ל. פּ. און אויך במילא די „אינדאָסטריעל וואָירקערס" אָף דהי וואָירלד". אַזוי האָבן די „פּועלי ציון" גענומען אייניקע יאָר נאָכאַנאַנד אַ גרויסן אָנטייל אין די מאי־קאָנפערענצן, וואָס די ס. ל. פּ. פלעגט אריינרופן צו אָרגאַניזירן דעם ערשטן מאי גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, אין וועלכע די „פּועלי־ציון" פלעגן גיין אַלס אַ באַזונדער דיוויזיע, טראָגנדיק רויטע און ווייס־בלויע פאָנען, וועלכע פלעגן אויפגענומען ווערן מיט אַ סך אַפּלאָדיסמענטן פון דעם עולם אין די גאַסן. אויף די „פּאָלקס־קאָנפערענצן", וואָס די פּאַריי־ניקטע יידישע געווערקשאַפטן פלעגן רופן וועגן טרייד־יוניאָן־פראַגן און אין 1907 וועגן דעם גרויסן קריזיס, האָבן די „פּועלי ציון" ביטער געקעמפט, אַז די ס. ל. פּ. און אינד. וואָירקערס זאָלן צוגעלאָזן ווערן. דאָס איז געווען אַ פיינלעכע פראַגע אין דער יידישער אַרבעטער־וועלט, ווו די יוניאָנס פון דער אַמ. פעד. אָוו לייבאָר אינד. וואָיר־קערס פלעגן צווישן זיך פירן א מוראדיקן ברידער־קאַמף.

דער וווקס פון דער פּאַרטיי ווערט פלוצלינג כמעט ווי אָפּגע־שטעלט. דער טעמפּאָ פון דער פּאַרטיי־טעטיקייט ווערט אָפּגע־שוואַכט. עס קומען צו נייע פּאַריינען, אָבער זעלטענער ווי פריער. צווישן די נייע צוגעקומענע פּאַריינען דאַרף מען דערמאָנען דעם פּאַרזוך פון איינעם אַ חבר ב. גרינבערג צו גרינדן אַן „ענגליש־

שפּרעכנדן „פּועלי ציון״־פאַריין״. דער פאַריין האָט עקזיסטירט אַ קורצע צייט און האָט קיין גרויסע באַדייטונג נישט געהאַט. די מיטגלידער זענען מערסטנס געווען אַריבערגעקומענע חברים.

דעם 14־טן יוני ווערט צום ערשטן מאָל געדרוקט אין „יידישן קעמפּער״ „אַן אַפּעל צו די נאַציאָנאַל געזאָנענע יידן און ליבהאָבער פון ריינער פּרעסע און שיינער ליטעראַטור״, זיי זאָלן שטיצן דעם „יידישן קעמפּער״. די לאַגע פון דעם פּאַרטיי־אָרגאַן איז אין אמתן פון פריער געווען זייער שלעכט און געדריקט, אָבער מען איז אַלץ אויסגעקומען מיט אייגענע כוחות און מיט דיביישטייערונגען פון די חברים, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַ רירנדע אָפּפערווייליקייט. עס האָט אָבער נישט געהאָלפן, מען האָט געמוזט אָנקומען צו דער עפנטלעכקייט.

אַ קורצע צייט נאָך דעם אַפּיל גיט אַריין דער רעדאַקטאָר, קלמן מרמר, זיין רעזיגנאַציע. די חברים וואַלדשטיין, ראָזאָווסקי און וואָלינער ווערן דערוויילט אַלס רעדאַקציאָנס־קאָלעגיום. דער פאַקטישער רעדאַקטאָר איז געווען וואָלינער, וועלכער איז די גאַנצע צייט געווען איינער פון די נאָענטסטע מיטאַרבעטער פון דעם „יידישן קעמפּער״ און דער אַממערסטן באַליבטער און געאַכטעטער אין דער פּאַרטיי.

צום סוף זומער 1907 איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער ציוניס־טישער קאָנגרעס, צו וועלכן די אַמעריקאַנער פּאַרטיי האָט געשיקט אַלס דעלעגאַטן ד״ר אַפּעלבוים, ד״ר קאַפּעלאָוויטש, מרמר און בעלאַ פּעווזנער. זיי זענען אויך געוויילט געוואָרן אַלס דעלעגאַטן צו דעם ערשטן אַלוועלטלעכן „פּועלי־ציון״־צוזאַמענפאָר, ווו עס איז גע־גרינדעט געוואָרן דער „אַלוועלטלעכער „פּועלי־ציון־פאַרבאַנד״. די אַמעריקאַנער פּאַרטיי האָט זייער גוט פאַרשטאַנען די נויטיקייט צו גרינדן אַזאַ פאַרבאַנד און די דעלעגאַטן זענען באַאויפטראַגט געוואָרן אַזאַ פאַרבאַנד צו גרינדן. ווען אפילו נישט אַלע לאַנד־פּאַרטייען וועלן צושטיין צו דעם. אָבער וואָס די פּאַרטיי האָט אין זינען געהאַט צו פאַרהיטן, איז, אַז דער פאַרבאַנד זאָל נישט אָננעמען קיין אָפּיציעלע

„פועלי־ציון"־וועלט־אַנשויאונג וואָס זאָל שטערן די אַנדערע פּאַר־טייען, וואָס האָבן אַן אַנדער פּועלי־ציוניסטישע אויפפאַסונג, זיך אָנצושליסן אָן אים. די שטעלונג פון דער אַמעריקאַנער פּאַרטיי איז אָנגענומען געוואָרן און דער אַלוועלטלעכער פּועלי ציון פאַרבאַנד איז געגרינדעט געוואָרן. אין דעם, דאַכט מיר, האָט אַ סך מיטגע־האָלפן די עסטרייכישע „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי, וואָס איז אין איר אויפפאַסונג פון פּועלי־ציוניזם געשטאַנען זייער נאָענט צו דער אַמעריקאַנער פּאַרטיי.

אַרבעטער יאָרבוך און אַלמאַנאַך פון פּועלי־ציון אין אמעריע, 1937.

## יחיאמת / דער פועלי-ציוניזם אין ענגלאַנד

דער פועלי־ציוניזם אין ענגלאַנד, איז אַ בעזונדערע דער־שיינונג אין דער אַלוועלטליכער פועלי־ציוניסטישער באַוועגונג. מאַנכע מאָל ברענגט די אימיגראציע נייע קרעפטן וועלכע בעמיהען זיך איבערצוענדערן די באַוועגונג אין ענגלאַנד לויט די פאָרם פון די לענדער פון וועלכע זיי קומען. נאָך אַ קורצער צייט ווערן די נייע קרעפטן ווייטער געטראָגען נאָך אַמעריקאַ און אפריקאַ. דער אין ענגלאַנד בלייבענדער טייל ווערט ביסלעכווייז אַנגליזירט און די באַוועגונג באַקומט ווידער איר אייגענטימליכען געשטאַלט.

די ערשטע „פועלי ציון" פעריינען זיינען געגרינדעט געוואָרן נאָך פאַר דעם זעקסטן קאָנגרעס — פריהער האָבן די סאָציאַליסטן־ציוניסטן זיך גרופירט אַרום די „מערבים" * אין לאָנדאָן און ליעדז, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר די רענעסאַנס פון מערב־אַזיען און האָבן אפילו אויפגעשטעלט אַ סאָציאַליסטישע קאָנסטיטוציע פאַר „גרויס ארץ־ישראל" — „דער באָדן און זיינע רייכטהימער זאָל גע־הערן צום גאַנצן פאָלק; אַלע זאָלן אַרבעטן נאָך די קרעפטן און באַ־קומען נאָך באַדערפניש, דער יחיד פאַר'ן רבים און די רבים פאַר'ן יחיד"... די דאָזיקע רענעסאַנס־סאָציאַליסטן זענען דאָ געווען די טרעגער פון ציוניסטישן אידעאַל אינערהאַלב דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און טרייד־יוניאָניזם. צוערשט האָבן זיי געזוכט צו גע־

* אַ ציוניסטישער פאַריין אַרום וועלכן ס'האָבן זיך גרופירט הויפּטזעכליך איינגעוואַנדערטע מזרח־אייראָפּעאישע יידישע יוגנט.

ווינען גאַנצע יוניאָנס פאַר דעם „פּועלי ציוניזם" („פּועלי ציון" האָט מען דאַמאָלסט געמיינט אַרבעטער־ציוניסטן). דער אָנפאַנג איז געמאַכט געוואָרן מיט די שניידער און סטאָליער אין די איסט־ענד פון לאָנדאָן. דער נצחון איז געווען גרויס, אָבער די זיגרייכע עראָבערער האָבן באַלד איינגעזען אַז זיי האָבן באַזיגט אַ חורבה, אַז די יידישע יוניאָנס אין ענגלאַנד בליען און פערוועלקן ווידער כקקיון דיונה, נאָך איידער דער פרימאָרגן דערשיינט. די סאָציאַליסטן און ציוניסטן האָבן אויך איינגעזען אַז די „יוניאָן" מוז זיין זעלבסט־שטענדיג און אומפּאַרטייאיש אויב זי פערטרעט ווירקלעך די אינ־טערעסן פון דעם אַרבעטער־קלאַס. די „פּועלי ציון" זענען דעריבער אָרגאַניזירט געוואָרן אין זעלבסטשטענדיקע סאָציאַליסטיש־ציוניס־טישע פעראיינען און אַריינגענומען אין זיך אַרבעטער פון פער־שידענע פּראָפעסיעס.

נאָכן זעקסטן קאָנגרעס האָבן זיך די „פּועלי ציון" צושפּאָלטן אין אוגאַנדיסטן און פּאַלעסטינעזער. די ערשטע האָבן אויפגעהערט זיין ציוניסטן; די לעצטע רעאָרגאַניזירן דעם ערשטן „פּועלי־ציון"־פעראיין און נעמען אָן אַ רעזאָלוציע נישט אויסצופירן קאָנגרעס באַשליסן „וועלכע זענען געגן ארץ־ישראל און געגן די אינטערעסן פון פּועלי ציון" (סטאַטוטן פון די „פּועלי ציון" נומער 1, ציוניס־טישער אַרבעטער פעראיין לאָנדאָן).

אין פרילינג 1905 ערשיינט דער חודש־זשורנאַל „די יודישע פרייהייט" אַ ראַדיקאַל־ציוניסטישער אַרבייטער אָרגאַן, אַרויסגעגעבן פון די פעראייניקטע „פּועלי ציון" פון ענגלאַנד. אין דעם ערשטן העפט פון דאָזיקן אָרגאַן ווערט דערציילט אַז די „יידישע סאָציאַליסטן" וועלכע ווילן אַרבייטן פאַרן ציוניזם און פאַרן סאָציאַליזם האָבן זיך אָרגאַניזירט ענדליך אַלס „אַרבייטער ציוניסטן, פּועלי ציון". אין דעמזעלבן העפט ווערט אויך ערקלערט אַז:

„פאַרן סאָציאַליזם עקזיסטירט קיין גלות, און די גאַנצע ערד איז זיין ארץ־ישראל. איבעראַל, ווו דער מענטש איז מוז ער, ווען ער איז זיין „איך" בעוווסט, קעמפפן פאַר זיינע מענשליכע רעכט,

פאַר זיינע אינדיווידועלע און סאָציאַלע אומאָבהענגיקייט, פאַר דער אָפּשאַפונג פון עקאָנאָמישע און קולטורעלע עקספּלאָאַטאַציע, פאַר די אָנערקענונג פון זיין רעכט אויף אַרבייט און די פרייע אַנט־וויקלונג פון זיינע יחידישע און נאַציאָנאַלע אייגנטימליכקייטן, אויף זיין השבון".

אין דעם צווייטן העפט ווערט מיטגעטיילט אַז די „פּועלי ציון" זענען אַ באַזונדערע פּאַרטיי אין ציוניזם (זייטע 40) עס ווערט פּאָלעמיזירט געגן די ליוּוערפּילער ציוניסטן וועלכע ניצן אויס דעם נאָמען „פּועלי ציון" פאַר אַ נישט־סאָציאַליסטישן פאַראיין (זייטע 41) און עס ווערט ערקלערט אז:

„פּועלי ציון אין ריכטעקן זין, ווערן נור די יעניגע ציוניסטן־סאָציאַליסטן, ביי וועלכע עס איז פּעראייניקט אין פאַרבונדן דאָס אינדיווידועלע און סאָציאַלע, און זיי קענען און ווילן קעמפן אָדער אַרבייטן פאַרביידע צוזאַמען, ניש מוחל זייענדיג אויף איינע צוליב די אַנדערע". (זייטע 2).

צום זיבעטן קאָנגרעס האָבן די „פּועלי ציון" געשיקט איין דעלעגאַט, און צו די דאַמאָלסדיקע אַלוועלטלעכע „פּועלי ציון"־באַראַטונג, צוויי דעלעגאַטן.

אין פרילינג 1906 האַלטן אָפּ די „פּועלי ציון" אין ענגלאַנד זייער ערשטן צוזאַמענפאָר, אין מ אַ נ ש ע ס ט ע ר, און באַשליסן צו גרינדן „אַ צענטראַל־קאָמיטעט פון אַלע פּועלי ציון אין ענגלאַנד" וועלכע זאָל קומען אין פאַרבינדונג מיט די אויסלענדישע קאָמיטעטן פון די „פּועלי ציון" און מיט דער ציוניסטישער פעדעראַציע (דער „יודישער קעמפער", ערשטער יאָרגאַנג, נומער 8).

אויף דער מאַנשעסטער־קאָנפערענץ האָבן זיך צום ערשטן מאָל צוזאַמענגעשלאָסן די צוויי עלעמענטן וועלכע געפינען זיך צווישן דער יידישער אַרבעטער מאַסע, די סאָציאַליסטישע און די טריידיוניאָניסטישע. ביידע צדדים זענען געווען ביי זייערע מיינונגען און דעריבער האָבן זיי זיך פעראייניגט אויף פאָלגענדן פּראָגראַם:

א) פּועלי ציון איז אַן אָרגאַניזאַציע פון יידישע אַרבעטער

וועלכע שטרעבט גלייך מיט דעם גאַנצן יידישן פאָלק צו אַנ׳אייגענער נאַציאָנאַלער היימאַט אין ארץ־ישראל.

ב) די אָרגאַניזאַציע פון די „פועלי ציון" שטרעבט צו אָרגאַ־ניזירן די יידישע אַרבעטער לויט די פּרינציפּן פון נאַציאָנאַלן און עקאָנאָמישן קלאַסענקאַמף.

די מאַסן עמיגראַציע נאָך די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, ווי אויך דער איינפלוס פון פועלי ציוניסטישע ליטעראַטור אין אַמעריקע, עסטרייך און רוסלאַנד האָבן אַרויסגערופן די פאָדערונג נאָך אין דעם זעלבן יאָר צוזאַמענצורופן די קאָנפערענץ, אין ליווערפּול. ביים צווייטן צוזאַמענפאָר זיינען די סאָציאַליסטן אין דער מערהייט. זיי איגנאָרירן דאָס מאַנשעסטער פּראָגראַם און פּראָקלאַמירן די צווייטע קאָנפערענץ אַלס „ערשטער גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון די פועלי ציון אין ענגלאַנד". זיי שטעלן אויף אַ טעאָרעטישן און פּראַק־טישן פּראָגראַם וואָס איז מער אין איינקלאַנג מיט דער אויסלענדי־שער פּאַרטיי־ליטעראַטור ווי מיט די פאָדערונגען פון דעם יידישן אַרבעטער לעבן אין ענגלאַנד.

דאָס ליווערפּולער פּראָגראַם איז געשריבן בנוסח פּאָלטאַווע.

„דער יידישער אַרבעטער", לעמבערג, 12 מערץ 1909.

# י. אפלבוים / דער גרינדונגס-צוזאַמענפאָר פון וועלט-פאַרבאַנד פועלי ציון

שטיל און כמעט אומבאַמערקט פון דער יידישער פרעסע איז אָפּ־געהאַלטן געוואָרן דער גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון אַלע פועלי ציוניסטן. די סיבה פון דעם איז: אונזערע רוסישע חברים וועלכע האָבן אָפּגעהאַלטן זייער פאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין עסטרייך זיינען אָנשטאָט דעם 11־טן אויגוסט אָנגעקומען ערשט דעם 17־טן, ווען דער קאָנגרעס איז שוין געעפנט געוואָרן און אַלע צייטונגס־קאָרעספאָנדענטן האָבן שוין פאַר זיך דעם קאָנגרעס געהאַט. דאָס פאַרשפעטיקן פון אונזערע רוסישע חברים האָט אויך זייער פיל געשטערט אונזער אינווענינקסטער אַרבעט. מיר האָבן געמוזט אונזערע זיצונגען אָפּהאַלטן אין דער צווישנצייט פון איין קאָנגרעס־זיצונג צו דער צווייטער, און יעדעס מאָל איבעררייסן אונזערע פאַרהאַנדלונגען וועגן פאַרבאַנד און איבערגיין צו דער פאַרהאַנדלונג פון די פונקטן וועלכע זיינען געווען אויף דער טאָג־אָרדנונג פון די נעכסטע קאָנגרעס־זיצונגען. דאָס אַלעס האָט געשטערט די פאָלקאָמענהייט פון אונזער אַרבעט. און טראָץ די אַלע שטערונגען איז אונז דאָך געלונגען צו לייגן דעם גרונדשטיין פאַר דעם אַלוועלטלעכן פאַרבאַנד, וועלכער וועט געוויס האָבן זיין היסטאָרישע באַדייטונג אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון פראָלעטאַרישן ציוניזם.

אויף דער קאָנפערענץ זיינען געווען פאָרשטייער פון פאָלגנדע לענדער: פון אַמעריקע — 4, עסטרייך — 8, רוסלאַנד — 7, פאַלעסטינע — 2, רומעניען — 1, פראַנקרייך — 1, בעלגיען — 1. אויסער די לענדער וועלכע האָבן געהאַט זייערע דירעקטע פאָרשטייער אויף דער קאָנפערענץ זיינען דערהאַלטען געוואָרן בריוו פון אַרגענטינע, ענגלאַנד, בולגאַריען, וועלכע האָבן באַגריסט די קאָנפערענץ און באַדויערט וואָס זיי האָבן נישט געקענט שיקן קיין דירעקטע פאָרשטייער אויף דער קאָנפערענץ, וועלכע נעמען זיך אָבער אונטער צו דערפילן אַלע פליכטן וועלכע די קאָנפערענץ וועט אויף זיי אַרויפלייגן.

די קאָנפערענץ איז געעפנט געוואָרן מיטוואָך אָוונט נאָך די ערשטע

זיצונגען פון קאָנגרעס. אַזוי־ווי אָבער עס זענען שוין געווען קאָנגרעס־פראַגן, צו וועלכע מיר האָבן געמוזט אַ שטעלונג נעמען, האָבן מיר די פראַגן וועגן פאַרבאַנד אָפּגעלייגט און האָבן אויפגענומען דעם באַריכט פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט און אונזער אָנטייל אין די פאַרשידענע קאָמיסיעס וועלכע ווערן געוויילט אויף דעם קאָנגרעס. נאָך אַ קורצער דעבאַטע האָבן מיר געוויילט צוויי גענעראַל־רעדנער וועלכע זאָלן ביי דער קריטיק פון א. ק. באַריכט זיך הויפּטזעכלעך אָפּשטעלן ביי דער פּאַלעס־טינע־אַרבעט און אָנווייזן אויף וויפיל דער אָ. ק. האָט נישט דערפילט זיינע פליכטן וועלכע זיינען אים איבערגעגעבן געוואָרן אויף דעם זיבעטן קאָנגרעס. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן אונזערע פאָרשטייער אויף אַלע קאָנגרעס־קאָמיסיעס ווייל דער הויפּט־קאַמף קומט פאָר אין די קאָמיסיעס. אַ גרויסע דעבאַטע האָט אַרויסגערופן די פראַגע וועגן רעאַלע אַרבעט אין פּאַלעסטינע, וועלכע איז אויך געווען דער הויפּט־פּונקט פון קאָנגרעס. נאָך דאַן ווען אויף דעם קאָנגרעס איז דער קאַמף פאָרגעקומען צי זאָל מען זיך איבערהויפּט פאַרנעמען מיט רעאַלער אַרבעט, צי זאָל, ווי ביז איצט, דער וויכטיקסטער אָרט אָפּגעגעבן ווערן דער דיפּלאָמאַטישער אַרבעט, האָט ביי אונז וועגן אַזאַ קאַמף קיין רעדע נישט געקענט זיין. די פּועלי־ציון פון פאַרשידענע לענדער און שאַטירונגען האָבן שוין לאַנג אַנערקענט אַז די טעריטאָריאַל־פּאָליטישע אויטאָנאָמיע אין פּאַלעסטינע קען נאָר זיין דער רעזולטאַט פון ביסלעכווייז אָנגעזאַמלטע קרעפטן אויף דעם עקאָנאָמישן און קולטורעלן געביט אין פּאַלעסטינע. און ביי אונז איז די פראַגע געווען: ווי זאָל די אַרבעט אין פּאַלעסטינע געפירט ווערן? און דאָ איז שוין אַ גרויסער אונטערשיד צווישן פּועלי ציון אין אַמעריקע און עסטרייך אויף איין זייט און די רוסישע און פּאַלעסטינער — אויף דער צווייטער זייט.

ווי באַוווּסט באַטראַכטן די רוסישע חברים די טעריטאָריאַל־פּאָליטישע אויטאָנאָמיע אין פּאַלעסטינע אַלס אַן אָביעקטיוון פּראָצעס, וועלכער קומט דורך אונזער לאַגע אין די גלות־לענדער איינער זייט, און די באַדינגונגען פון פּאַלעסטינע אַנדערזייטס. דאָס ברענגט דערצו אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל זיך סטיכיש קאָנצענטרירן אין פּאַלעסטינע, און די אויפגאַבע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז נאָר צו רעגולירן און פאַרגרינגערן דעם פּראָצעס וועלכער קומט פון זיך זעלבסט, דאַקעגן יעדעס אַריינמישן זיך פון די ציוניסטן קינסטלעך צו ווענדן די יידישע עמיגראַציע אין געוויסער ריכטונג ווערט פון זיי באַטראַכט אַלס הילפסלאָז און זאָגאַר שעדלעך. צווייטנס באַטראַכטן די רוסישע חברים די פּועלי־ציון אַלס פּאַרטיי וועלכע דאַרף נאָר אָנפירן דעם קלאַסן־קאַמף פון יידישן פּראָלעטאַריאַט און זייער

אַנטייל אין ציוניזם איז נאָר אויף אַזויפיל אויף וויפל עס האָט צו טאָן מיט די קלאַסן־אינטערעסן פון יידישן פראָלעטאַריאַט.

דאַקעגן די מאַיאָריטעט פון די אַמעריקאַנער און עסטרייכער חברים, אַנערקענענדיק צוגלייך מיט די רוסישע חברים, אַז די לאַגע אין גלות און די באַדינגונגען אין פּאַלעסטינע זיינען גינסטיק פאַר דער יידישער צוקונפט, איז אָבער פיל געווענדעט אין דעם וואָס פאַר אַ פאָרמען די איינוואַנדערונג אין פּאַלעסטינע וועט טראָגן, און עס איז דאַרום די הויפּט־אַרבעט פון די ציוניסטן אָנצווענדן אַלע מעגלעכע מיטלען, אַז די יידישע איינוואַנדערונג אין פּאַלעסטינע זאָל ברענגען די פאַר אונז געווונטשענע רעזולטאַטן. און אויב מיר זעען אַז די יידישע איינוואַנדערונג אין פּאַלעסטינע גייט הויפּטזעכלעך אין די שטעט, מוזן מיר אָנווענדן אַלע אונזערע קרעפטן אום מעגלעך צו מאַכן, אַז אַ געוויסער טייל פון די יידישע עמיגראַנטן זאָלן ווערן ערד־אַרבעטער. און דאָס איז איצט באמת די שווערסטע פראָבלעם וועלכער דער ציוניזם דאַרף לעזן. צווייטנס אַנערקענען די זעלבע דאָס אויב דער יידישער אַרבעטער פון זיין שטאַנדפּונקט איז פאַראינטערעסירט אין ציוניזם, דאַרפן מיר נעמען אַן אָנטייל נישט נאָר אין דער ציוניסטישער אַרבעט, וועלכע האָט אַ דירעקטן שייכות צו די יידישע אַרבעטער, נאָר אויך אין יעדער ציוניסטישער אַרבעט וועלכע האָט אַ נאַציאָנאַלן ווערט און וועלכע האָט אפילו נאָר אונדירעקט אַ ווערט פאַר די אַרבעטער. אַרום דעם האָט זיך געפירט די דעבאַטע, איבער וועלכע עס האָבן רעפערירט חבר אבנר* אויס פּאַלעסטינע און חבר גראָס אויס עסטרייך.

אויף דעם גרונט פון די פאַקטן וואָס חבר אבנר און שוחט האָבן אָנגעוויזן אין זייערע רעפעראַטן, איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ גאַנצע ריי פאָרשלאַגן, פיל פון וועלכע האָבן געהאַט אַ שייכות ספּעציעל פאַר דעם מיט וואָס דער פּועלי־ציון־פאַרבאַנד זאָל זיך באַשעפטיקן, און אַ טייל, וועלכע מיר האָבן אויף דעם קאָנגרעס געדאַרפט דורכפירן, און וועלכע זיינען מיט פאַרשידענע ענדערונגען אויך געבראַכט געוואָרן כמעט פון אַלע פּאַלעסטינער דעלעגאַטן.

אַ צווייטן רעפעראַט האָט געלעזן חבר גראָס אויס עסטרייך. ווי באַוווסט, באַשעפטיקן זיך אונזערע עסטרייכער חברים שוין לאַנג מיט דער פראַגע וועגן קאָלעקטיווע קאָלאָניזאַציע. נאָר אויף זייער לעצטן פּאַרטיי צוזאַמענפאָר האָבן זיי אָנגענומען אַ רעזאָלוציע וועגן דעם.

---

* דער פּאַרטייאישער פּסעוודאָנים פון חבר יצחק בן צבי, דער איצטיקער פּרעזידענט פון ועד לאומי אין ארץ־ישראל.

פאַר דעם קאָנגרעס זיינען זיי געשטאַנען אין ענגער פאַרבינדונג מיט פראַנץ אָפּנהיימער און ער האָט צוגעזאָגט זיי צו אונטערשטיצן און אַליין נעמען אויף זיך די אַרבעט צו אָרגאַניזירן, אויב אַזאַ באַשלוס וועט דורכגיין. חבר גראָס, אין זיין רעפעראַט, האָט זיך געשטיצט הויפּטזעכלעך אויף פאָלגנדעס: ער האָט דורך אַ גאַנצער ריי פון פאַקטן פון עסטרייך און אַנדערע לענדער באַוויזן, אַז כדי מען זאָל זיין די בעלי־בתים איבער דעם לאַנד, איז נישט גענוג מיר זאָלן האָבן די מאַיאָריטעט אין די שטעט, ווען מיר זאָלן אפילו דורך דעם בילדן די מאַיאָריטעט פון לאַנד. עס איז אויך נישט גענוג ווען די ערד וועט באַלאַנגען צו אונז, אויב זי וועט באַאַרבעט ווערן דורך פרעמדע. ער האָט באַוויזן מיט פאַקטן פון גאַליציע און באָהעמיע, אַז דאָרט ווו די מאַיאָריטעט איבערן לאַנד איז אַן אַנדער פאָלק און אין די שטעט איז די מינאָריטעט פון דעם צווייטן פאָלק, וועלכער איז געבליבן ביי דער ערד־אַרבעט, שטופּט זיי ביסלעכווייז אַרויס די שטאָט־עלעמענטן און ווערט די פאַקטישע הערשערין פון לאַנד. אַזאַ ביישפּיל איז אין גאַליציע: די רוטענער קעגן די פּאָליאַקן; אין באָהעמיע — די טשעכן קעגן די דייטשן, אין די באַלטישע פּראָווינצן — די לאַטישן קעגן די דייטשן. עס איז דעריבער פאַר אונז נישט גענוג צו האָבן די מאַיאָריטעט אין פּאַלעסטינע, אויב אַפילו די ערד זאָל צו אונז באַלאַנגען. נאָר דער עיקר איז די ערד זאָל דורך יידישע הענט באַאַרבעט ווערן. אָבער דאָס איז די שווערסטע זאַך דורכצופירן, ווייל ערשטנס די יידן, אַלס אַ שטאָטישער עלעמענט, וועלכע לעבן אין אַ העכערער קולטור־פאָרמע, איז גאַנץ שווער צוציען צו אַ דאָרפישן לעבן, וועלכער איז נאָך אַ נידעריקע שטופע פון קולטור. דעריבער קומט אויס, ווען, למשל, אַ ייד זאָל קענען ווערן אַ קאָלאָניסט אין פּאַלעסטינע, מוז ער ביז 10.000 פראַנק פאַרמאָגן. איז דער וואָס פאַרמאָגט אַזאַ סומע וויל קיין קאָלאָניסט נישט ווערן. ער וויל בעסער אַ געשעפטסמאַן זיין, און ווען מען וועט שוין אפילו עפענען אַן אַגראַר־קרעדיט, וועט מען נאָר מאַכן מעגלעך צו קאָלאָניזירן אַזעלכע, וועלכע פאַרמעגן 3—4 טויזנט פראַנק, ווייל קרעדיט קען מען נאָר געבן ווען יענער איז קרעדיט־פעאיק. דעריבער בלייבט דער איינציגער וועג די גענאָסנשאַפט: דער נאַציאָנאַל־פאָנד זאָל געבן די ערד, און די אַנגלאָ־פּאַלעסטינע באַנק זאָל אַ געוויסן קאַפּיטאַל דער קאָלאָניע קרעדיטירן. ביז דער צייט וואָס די קאָלאָניע קען זעלבסטשטענדיק ווערן, שטייט זי אונטער דער פאַרוואַלטונג פון אַ קאָמיסיע. ווען אָבער די קאָלאָניע קען שוין פון דעם „לעבן מאַכן״, גיט זי זיי אַן אייגענע פאַרוואַלטונג, און די קאָלאָניע דאַרף יעדעס יאָר ביסלעכווייז דער באַנק די חובות צאָלן. ווען ער וועט אפילו נישט געלונגען, דאַן בלייבט די ערד און דער אינווענטאַר און די באַנק קען עס צו איינצלנע

פערזאָנען פאַרקויפן, אַזוי אַז קיין ריזיקע איז דאָ גאָרנישט. ווען עס ווערט אָבער געלינגען, איז אַ חוץ דעם, וואָס עס האָט אַן אַלגעמיינעם ציוניסטישן ווערט (עס העלפט לייזן איינע פון די שווערסטע פּראָבלעמען, ווי אַ גרויסן טייל פון דער יידישער מאַסע אין קאָלאָניסטן צו פאַרוואַנדלען און די ערד זאָל דורך יידישע הענט באַאַרבעט ווערן), האָט עס פאַר אונז, אַרבעטער, אַ ספּעציעלן ווערט, ווייל מיט דעם מאַכן מיר מעגלעך אַ גרויסן טייל פון די יידישע אַרבעטער צו קאָלאָניזירן אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות.

דער רעפעראַט רופט אַרויס אַ גרויסע דיסקוסיע, איבערהויפּט פון די רוסישע, וועלכע זיינען געווען דאַקעגן פּרינציפּיעל פון זייער שטאַנדפּונקט אויף דעם ציוניזם און נישט צוגעבנדיק דעם קיין ווערט פאַר אונז אַלס אַרבעטער־פּאַרטיי. די אַמעריקאַנער חברים, וועלכע זיינען געווען פּרינ־ציפּיעל דערפאַר, האָבן אָבער נישט געקענט שטימען דערפאַר, דאָס אַזאַ פאָרשלאַג זאָל פון אונז אַרויסגיין, געפינענדיק אַז די פראַגע איז נאָך פאַר זיי נישט גענוג קלאָר. עס איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן, דאָס נאָר חען אַנדערע ווען אַזאַ פאָרשלאַג פאָרברענגען זאָל ער פון אונז אונטערשטיצט ווערן. צוליב דעם האָבן מיר דערוויילט דריי חברים אין אַ פּאַלעסטינע־קאָמיסיע, וועלכער האָט באַדאַרפט אויסאַרבעטן די פאָרשלאַגן צום קאָנגרעס, און אַ גענעראַל־רעדנער צום קאָנגרעס, וועלכער זאָל פאַר דעם קאָנגרעס זעלבסט פאָרברענגען די פאָרשלאַגן, וועלכע ווען אין דעם פּאַלעסטינע־קאָמיטעט דורכפּאַלן, און זיי אויך פאַרטיידיקן. און ווי עס איז אייך שוין באַוווסט פון די קאָנגרעס־באַשלוסן, זיינען די פאָרשלאַגן, צווישן זיי אויך דער פּונקט וועגן גענאָסנשאַפט, מיט אייניקע ענדערונגען אָנגענומען געוואָרן, נאָר איין פּונקט, אויף וועלכן מיר האָבן זיך מיט דעם פּאַלעסטינער קאָמי־טעט נישט געקענט אייניקן האָבן פאַר דעם קאָנגרעס זעלבסטשטענדיק פאַרגעבראַכט און ער איז אויך פון קאָנגרעס אָנגענומען געוואָרן.

אַ גרויסע דיסקוסיע האָט ביי אונז אויך אַרויסגערופן דער פּונקט וועגן פעדעראַציע. די אַמעריקאַנער און עסטרייכער חברים (חוץ חבר ברמר, וועלכער איז אין דעם פּונקט געווען מיט די רוסישע) האָבן געפאָ־דערט, אַז מיר זאָלן פאָרשלאַגן, אַז די אָרגאַניזאַציע־סטאַטוטן זאָלן מעגלעך מאַכן יעדער פּאַרטיי־ריכטונג, וועלכע פאַרמאָגט איבער דער וועלט 3 טויזנט שקל־צאָלער, זאָל קענען בילדן אַ באַזונדערע פעדעראַציע און זאָל נישט זיין אָפּהענגיק פון די ציוניסטישע לאַנדס־אָרגאַניזאַציעס. די רוסישע חברים האָבן געפאָדערט, אַז עס זאָל אַריינגעשטעלט ווערן אַ באַזונדער פּונקט, אַז די פּועלי־ציון ווערן אָנערקענט אַלס אַ פּאַרטיי. מיר זענען געווען דאַקעגן, שטייענדיק אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז דער קאָנגרעס איז אַ נאַציאָנאַלער אינסטיטוט, וועלכער שטייט איבער די פּאַרטייען, און ער קען דעריבער

אָפּיציעל קיין פּאַרטייען נישט אַנערקענען. מיר קענען דעריבער נישט פאָדערן אַן אַלגעמיינע ענדערונג אין די סטאַטוטן, וועלכע זאָלן אונז נישט צוזאַמענבינדן מיט די פאַרשידענע לאַנדס־קאָמיטעטן נאָר מיט דער העכסטער אינסטאַנץ פון קאָנגרעס, דעם אַקציאָנס־קאָמיטעט. נאָך אַ לענגערער דעבאַטע איז דער ערשטער פונקט אָנגענומען געוואָרן און מיר האָבן אים אויך דורכגעפירט אויף דעם קאָנגרעס. ווען איך וועל נאָך דערמאָנען די וואַלן פון קליינעם א. ק. ווו מיר האָבן באַשלאָסן צו שטימען פאַר 5 און קעגן וואָלפזאָן *) אַלס פרעזידענט, וועט כמעט זיין געענדיקט די אַרבעט פון דער קאָנפערענץ וואָס אָנבעלאַנגט דעם קאָנגרעס.

די מערסטע צייט פון די זיצונגען האָט ביי אונז פאַרנומען דער קאָנגרעס, אַזוי דאָס די פראַגן וועגן פאַרבאַנד זיינען פאַרהאַנדלט געוואָרן אַ האַלבן טאָג פרייטאָג און דעם שבת׳דיקן טאָג. דער ערשטער פונקט אויף דער טאָג־אָרדנונג איז געווען באַריכטן פון די לאַנדס־אָרגאַניזאַציעס, דאָס איז געווען נויטיק אום צו וויסן אונזערע קרעפטן און אום צו באַקענען זיך מיט די פאַרשידענע שטרעמונגען אין אונזער פאַרטיי. פון די באַריכטן איז צו זען, דאָס טראָץ די פיל שטערונגען וואָס מיר האָבן באַגעגנט אין אַ גרעסערער מאָס פון אַנדערע יידישע פּאַרטייען, האָט דאָך דער פועלי־ציון געדאַנק געמאַכט גרויסע פאָרשריט אין די לעצטע 2 יאָר.

אין רוסלאַנד, אָבוואָל זיי זיינען נאָך דעם 7־טן קאָנגרעס געבליבן דעזאָרגאַניזירט, צו וואָס עס האָבן פיל מיטגעהאָלפן די „סיימאָוועצעס״, וועלכע זיינען ביי דעם 7־טן קאָנגרעס כמעט געווען די לייטנדע קרעפטן ביי די פועלי ציון, האָבן זיי מיט זייער אַרויסטרעטן געמאַכט אַ חורבן אין דער פּאַרטיי. צוגעהאָלפן האָט נאָך די רעוואָלוציע און די פּאָגראָמען, און די פאָלגן פון דעם, די גרויסע עמיגראַציע, וועלכע האָבן געמאַכט אומעגלעך יעדע פּאַרטיי־אַרבעט.

אין אַזאַ צייט איז אויסגעקומען די רוסישע חברים אָרגאַניזירן די גרופן, וועלכע זיינען געווען צעוואָרפן אין פאַרשידענע שטעט אָן מאַטעריעלע מיטלען און מיט אַ קליינעם צאָל אינטעליגענטע קרעפטן. און דאָך איז זיי ביז איצט געלונגען אַרויסצוגעבן אַ גאַנצע סעריע בראָשורן און אַן אָרגאַן אין יידיש און אין רוסיש, וועלכע האָט זייער פיל מיטגעהאָלפן צו דער טעאָרעטישער אויפקלערונג פון די פאַרשידענע גרופן און צו דערווערבן פיל נייע חברים. און איצט, נאָך זייער פאַרטיי־טאָג, האָבן זיי אַ פעסט

---

* וואָלפסאָן דוד — דער יורש פון ד״ר הערצל אלס פרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, איז געווען קעגן דעם באַשלוס פון דער פּערמאַנענץ־קאָמיסיע צו וויילן אַ ציוניסטישע לייטונג פון 5 מענטשן, דערין צוויי פון רוסלאַנד

אָרגאַניזירטע פּאַרטיי מיט אַן איינהייטלעכן פּראָגראַם און מער אַלס 10 טויזנט מיטגלידער.

פון זייער גרויס אינטערעס איז געווען דער באַריכט פון עסטרייך. זיי האָבן נישט געהאַט די שטערונגען ווי די חברים אין רוסלאַנד. דער טעריטאָריאַליזם האָט אין עסטרייך געהאַט זייער אַ קליינע ווירקונג ביי די יידישע אַרבעטער. איצט איז פון אים כמעט קיין זכר נישט געבליבן. די פיל אַנדערע שטערונגען, וועלכע אונזערע חברים אין רוסלאַנד האָבן באַגעגנט, זענען אין עסטרייך נישט געווען. דערפאַר האָבן זיי געהאַט פיל אויסצושטיין פון די פּ.פּ.ס. און סעפּאַראַטיסטן, וועלכע האָבן צוזאַמען טעראָריזירט כמעט יעדע פאַרזאַמלונג און פלעגן באַזעצן די סטרייקנדע פּלעצער, וועלכע זיינען געווען אָרגאַניזירט דורך די פּועלי ציון. דאָס האָט אָבער נישט געקענט אָפּהאַלטן די אַנטוויקלונג פון אונזער באַוועגונג און די חברים אין עסטרייך האָבן אַלע מאָל פאַרנומען אַלץ שטאַרקערע פּאָזיציעס אין אַלע שטעט אין גאַליציען און אַ גרויסן טייל פון בוקאָווינע. די לעצטע פּאָר יאָר איז זיי אויך געלונגען פעסטצושטעלן אַ פּראָגראַם און אויך אָרגאַניזירן אַ באַזונדער פאַרבאַנד וואָס זאָל אָנפירן די פּראָפּ. אַרבעט. זייער אַ טיכטיקן אָנטייל האָבן זיי גענומען אין דעם קאַמף פאַר דער וואַל־רעפאָרם. אָנפירנדיק דעם קאַמף פאַר אַלגעמיינע וואַל־רעכט, האָבן זיי צו דער זעלבער צייט פאַרשפּרייט די נאַציאָנאַלע לאָזונגען צווישן די יידישע אַרבעטער און ביי די רייכסטאַג־וואַלן האָבן זיי פיל אויפגעטון, אָבוואָל זיי האָבן קיין באַזונדערע קאַנדידאַטן נישט אַרויסגע־שטעלט, אָנערקענענדיק דעם איצטיקן מאָמענט פאַר נישט גינסטיק די יידישע שטימען צו שפּאַלטן — האָבן זיי אָבער פיל מיטגעהאָלפן דעמאָקראַ־טיזירן די נאַציאָנאַלע פּאַרטיי און דורכפירן ציוניסטישע קאַנדידאַטן. דער ס"ה איז דאָס די פּועלי ציון זיינען איצט די שטאַרקסטע יידישע סאָציאַליס־טישע פּאַרטיי אין עסטרייך.

אַ באַזונדער אַנטוויקלונג מאַכן איצט דורך די פּועלי ציון אין רו־מעניען. דאָרט האָבן זיי כמעט די זעלבע שטערונגען פון דער רעגירונג, וועלכע אונטערדריקט יעדע סאָציאַליסטישע און נאָך מער יעדע יידיש־סאָציאַליסטישע טעטיקייט. אויך די פּאָגראָמען און עמיגראַציע, קולטורעלער צושטאַנד פון דער יידישער באַפעלקערונג און דער מאַנגל אין אינטעליגענץ, דאָס אַלץ מאַכט זייער שווער די אַנטוויקלונג פון אַ פּועלי־ציון באַוועגונג אין רומעניען. אָבער אויך דאָרט האָט דער פּועלי ציון געדאַנק געמאַכט גרויסע פאָרשריטן אין לעצטן יאָר. עס זענען איצט דאָ אין 5 שטעט פאַריינען, וועלכע האָבן ביי 500 מיטגלידער. זיי האָבן אָבער נאָך ביז איצט קיין צענטראַלע קערפּערשאַפט צוליב די אָרטיקע פּאָליטישע באַדינגונגען. זיי

האָבן אַרויסגעגעבן אייניקע אַגיטאַציע־בראָשורן און אויך פיל בעלעטריס־טישע אויסגאַבן אין דער רומענישער שפּראַך. אויך אין די לענדער מיט אַ גאַנץ קליינער יידישער באַפעלקערונג, ווי פראַנקרייך, בולגאַריע, בעלגיע, אַרגענטינע, האָלאַנד און ענגלאַנד, זיינען דאָ גרופּן. זיי ליידן אָבער פיל פון דעם וואָס עס האָט נאָך ביז איצט קיין פאַרבאַנד זיך נישט געבילדעט, מיט וועלכן זיי זאָלן שטיין אין אַן ענגער פאַרבינדונג און וועלכע זאָל זיי אַרויסהעלפן אין דער אַגיטאַציע און שריפטלעכער פּראָפּאַגאַנדע.

אין האָלאַנד, למשל, זיינען דאָ זייער פיל יידישע אַרבעטער, און זיי אַלע, חוץ די דימאַנד־שלייפער, לעבן אין די ערגסטע באַדינגונגען, פיל ערגער ווי אין פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך פון רוסלאַנד מיט עטלעכע יאָר צוריק. עס איז דעריבער דאָרט דאָ זייער פיל אַרבעט פאַר אַ פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע. ווי געזאָגט, פעלן אָבער די אינטעליגענטע כוחות, און ווען עס געפינען זיך אייניקע זיינען זיי צו שוואַך, אָן שטיצע, אָן הילף, עפּעס אויפצוטאָן. די אַלע באַריכטן האָבן אונז דעריבער דייטלעך באַוויזן די נויטווענדיקייט פון אַ פאַרבאַנד מיט אַ באַזונדער ביוראָ אין אייראָפּע, וועלכע זאָל זיין דער פאַרמיטלער צווישן די פאַרשידענע לענדער און פון צייט צו צייט שיקן אַגיטאַטאָרס און ליטעראַטור אויף פאַרשידענע שפּראַכן אין די פאַרשידענע לענדער.

גאָר פון אַ באַזונדער באַדייטונג פאַר אַלע פּועלי־ציון אין די גלות־לענדער, איז די אַרבעטער־באַוועגונג אין פּאַלעסטינע, וועלכע איז פאַר אונז די צוקונפט־לאַנד און צוליב וועלכער עס עקזיסטירן הויפּטזעכלעך די פּועלי־ציון אין די גלות־לענדער. פּאַלעסטינע האָט דעריבער פאַר אונז אַ זעלבסטשטענדיקן ווערט. און יעדער געלונגענער אָדער אומגעלונגענער טריט קען האָבן אַ גרויסע ווירקונג אויף אונזער ווייטערדיקער אַרבעט.

אין די לעצטע עטלעכע יאָר איז אין פּאַלעסטינע פיל אויפגעטאָן געוואָרן. דער לאָזונג „פּראַקטישע אַרבעט", וועלכער איז פאַרשפּרייט געוואָרן נאָך דעם 7־טן קאָנגרעס צווישן אַלע ציוניסטישע שיכטן, און וועלכער האָט זיין בירגער־רעכט ערשט באַקומען אויף דעם לעצטן קאָנגרעס, האָט געווירקט, און ציוניסטן האָבן זיך מער פאַראינטערעסירט מיט דעם פּאַלעסטינע־לעבן זעלבסט און געצווונגען דעם ענגערן א. ק. אויך עפּעס טאָן אין פּאַלעסטינע.

די נייע ווענדונג אין ציוניזם האָט זייער פיל געהאָלפן דער אַנט־וויקלונג פון פּאַלעסטינע. די עמיגראַציע פון די לעצטע יאָרן וועלכע האָט געבראַכט אַ געוויסע צאָל אימיגראַנטן קיין פּאַלעסטינע, פון וועלכע די בעסערע זיינען פאַרבליבן, האָט אַריינגעבראַכט אַ נייעם לעבן אין דער פּאַלעסטינער באַפעלקערונג און אויפגעוועקט די פאַרשלאָפענע כוחות

אין דעם איינגעזעסענעם פּאַלעסטינער יידנטום. אַלעס האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן און טעטיק ווערן. אַ גרויסער טייל פון דער פּאַלעסטינער יוגנט, וועלכע זיינען דערצויגן געוואָרן אין דעם שנאָרער־גייסט פון חלוקה, זוכן איצט פון דער חלוקה זיך צו באַפרייען, און צופּאַסן זיך צו דעם נייעם לעבן אין פּאַלעסטינע. אפילו די פאָרשטייער פון דער חלוקה האָבן דערפילט דעם נייעם גייסט און זוכן אויסצונוצן די מיליאָנען פראַנק, וועלכע זיי באַקומען יעדעס יאָר אויף נוצלעכע אַרבעט. דאָס אַלעס האָט געשאַפן אַ גרויסן פעלד פאַר די פועלי ציון. די לעצטע פאַר יאָר עמיגראַציע קיין פּאַלעסטינע, וועלכע האָט אויך געבראַכט פיל יידישע אַרבעטער, איבערהויפּט פון רוסלאַנד, און אויך די נייע אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן אַ טייל פון דער פּאַלעסטינער יוגנט אין אַרבעטער פאַרוואַנדלט, האָט געשאַפן אַן אָרט פאַר אַן אַרבעטער־באַוועגונג אין פּאַלעסטינע. און דער צענטר פון אונזער אַרבעט מוז איצט קיין פּאַלעסטינע אַריבערגעטראָגן ווערן כדי צו פאַרנעמען דעם ריכטיקן פּלאַץ אין דער אָרגאַניזירונג פון די געזעלשאַפט־לעכע כוחות אין פּאַלעסטינע און אויסאיבן אונזער איינפלוס.

פאַר אונזער קאָנפערענץ איז געווען גאַנץ קלאָר, אַז אָבוואָל די פועלי ציון אין פאַרשידענע לענדער, לעבנדיק אונטער פאַרשידענע פּאָלי־טיש־עקנאָמישע און קולטורעלע באַדינגונגען, זיינען פאַרשידן אין זייער טאַקטיק און אָנשויאונגען, און מאַכן דעריבער נישט מעגלעך צו בילדן איין פּאַרטיי מיט איין פּראָגראַם, איין טאַקטיק, איז אָבער דאָ זייער אַ גרויסער פּלאַץ און נויטווענדיקייט אין אַ פאַרבאַנד, צוליב דער אַרבעט אין פּאַלעסטינע, און אויך אין די גלות־לענדער, וועלכע איז איינס פאַר די פועלי־ציון פון אַלע לענדער. די פראַגע וועגן פאַרבאַנד האָט דעריבער קיין גרויסע דעבאַטן נישט אַרויסגערופן און עס איז באַשלאָסן געוואָרן דעם פאַרבאַנד צו גרינדן.

קלאָר איז פאַר אונז אויך געווען דאָס נויטווענדיקייט פון אַ פועלי־ציון־ביוראָ אין פּאַלעסטינע פון פאָרשטייער פון פאַרשידענע לענדער, וועלכער זאָל אָנפירן די אַרבעט אין פּאַלעסטינע, ווייל עס איז אַבסאָלוט נישט מעגלעך עפּעס צו טאָן אין אַ לאַנד ווען מען האָט דאָרט נישט די נויטיקע קרעפטן און מיטלען. קלאָר איז אויך געווען פאַר אונז, דאָס מיר מוזן האָבן אַ ביוראָ אין איינע פון די אייראָפּעאישע לענדער, וועלכע זאָל זיין באַפּאָלמעכטיקט פון אַלע פועלי־ציון און זאָל דינען אַלס פאַרמיטלער צווישן די פאַרשידענע לענדער, אין וועלכע די פועלי ציון געפינען זיך. די פראַגע איז נאָר געווען צי זיינען מיר אימשטאַנד צו בילדן 2 ביוראָס מיטאַמאָל, וועלכע פאָדערט פיל אינטעליגענטע קרעפטן און מיטלען. און אַזוי־ווי צוויי ביוראָס איז דערווייל שווער אויסצוהאַלטן, איז באַשלאָסן

געוואָרן צו גרינדן אַ ביוראָ אין פּאַלעסטינע מיט פאַרטרעטער דערווייל פון רוסלאַנד, עסטרייך און אַמעריקע. צוליב דעם איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ צייטווייליקער קאָמיטעט פון עסטרייכער און רוסישע חברים וואָס זאָלן אין צייט פון 6 וואָכן צושטעלן אַ פאָלקאָמען דעטאַל אויסגעאַרבעטן פּלאַן. דאָס איז געווען די הויפּט־אַרבעט פון אונזער קאָנפערענץ. אַ סך פונקטן זיינען אינגאַנצן נישט פאַרהאַנדלט געוואָרן און אויך די, וועלכע מען האָט יאָ פאַרהאַנדלט, האָבן נישט געקענט דעטאַל אויסגעאַרבעט ווערן צוליב מאַנגל אין צייט, און עס וועט מוזן פאַרבלייבן פאַר דער ביוראָ מיט די לאַנדס קאָמ. דער קאָנפערענץ איז אָבער געלונגען פאַרצושטעלן פיל אין וועלכע עס ליגט איר היסטאָרישע באַדייטונג פאַר דער ווייטערדיקער אַנט־וויקלונג פון די פועלי־ציון.

דאָס יאָר 1947 איז דאָס יובל־יאָר פון צוויי גרויסע באַוועגונגען און גרויסע אידעאישע שטרעמונגען, וועלכע האָבן געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דער יידישער געשיכטע אין די לעצטע דורות: דער ציוניזם און דער סאָציאַליזם. עס איז נישט געווען קיין באַוועגונג ביי יידן אין די לעצטע הונדערטער יאָרן, אויסער די חסידות־באַוועגונג, וועלכע זאָל זיך קענען פאַרגלייכן מיט זיי אין אינטענסיווקייט, ענערגיע, השפעה און טיפער אַריינדרינגונג אינם יידנטום, אַרומנעמענדיק נישט נאָר איינצלנע און גרופּעס, נאָר גרויסע, אַנאָנימע מענטשן־מאַסן אין פאָלק.

און עס איז נאָך אַ נישט־גאַנצער יובל — מיט צען יאָר ווייניקער — 40 יאָר נאָך דער גרינדונג פון דעם וועלט־פאַרבאַנד „פּועלי־ציון”, וועלכער האָט געפּרוּווט פאַרבינדן דעם ציוניזם מיטן סאָציאַליזם, וועלכע זיינען לכתחילה דערשינען ווי צוויי טעזעס, וואָס איינע פרעגט אָפּ די אַנדערע.

עס איז כדאי זיך אָפּצושטעלן אויף די צוזאַמענטרעפונגען פון די צוויי באַוועגונגען — דעם ציוניזם און דעם סאָציאַליזם — אין זייערע ערשטע עקזיסטענץ־יאָרן — ביז עס איז געגרינדעט געוואָרן דער וועלט־פאַרבאַנד פון פּועלי־ציון.

*

דער ציוניזם און דער סאָציאַליזם זיינען געבוירן געוואָרן ווי אַ צווילינג אויף אונזער גאַס. עס איז אַדורך אַ חודש זינט עס איז געשאַפן געוואָרן די אַלוועלטלעכע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אויפן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, — און עס איז פאָרגעקומען די גרינדונגס־קאָנפערענץ פון „בונד”. אויך פריער איז שוין פאָרגעקומען דער „צווילינג”־פּראָצעס — געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען האָבן דאָך נישט נאָר געבורטס־טעג נאָר אויך אַ פאָרגעשיכטע: אַן אָנזאָג־תקופה און געבורטס־ווייען. ווער עס שטודירט די אַנטוויקלונג פון דידאַזיקע

באַוועגונגען, וועט מיט דערשטוינונג דערזען, אַז דער ציוניזם און דער סאָציאַליזם זיינען נישט נאָר ג ע ב ו י ר ן געוואָרן ווי אַ צווילינג אויף אונזער גאַס, נאָך אויך זייערע עמבריאָנען האָבן זיך אויסגעבילדעט אין איין צייט, אין איין צייט זיינען אויסגעפאַלן זייערע שוואַנגער־חדשים און אין איין צייט האָט דער בת־קול אָנגעזאָגט זייער קומען אויף דער וועלט. ווי אַ צווילינג זיינען זיי געבוירן געוואָרן און ווי אַ צווילינג זיינען זיי אַרויס אויפן היסטאָרישן וועג. די אַהער און די אַהין, און אינם לאַנגן וועג האָבן זיי זיך צוזאַמענגעטראָפן אויף די וויכטיקסטע עטאַפּן אין זייער לעבן. שותפותדיקע דאַטעס האָבן אַנטשיידעט אין זייער וועג. ווייל ביידע האָבן זיך נישט געפונען אין קיין ליידיקן חלל, נאָר אינם סאַמע תוך פונם לעבן פון יידישן פאָלק — פון אים האָבן זיי געצויגן זייער חיונה, זיינען באַווירקט געוואָרן דורך זיין לעבנס־שטייגער און זיינע לעבנס־פּראָצעסן; זיי זיינען באַווירקט געוואָרן און האָבן באַווירקט דאָס דאָזיקע לעבן.

לאָמיר ברענגען עטלעכע פון די דאַטעס:

| אין דער ציוניסטישער וועלט | אינם יידישן סאָציאַליזם |
|---|---|
| 1870 — די גרינדונג פון מקוה־ישראל. | 1872 — די גרינדונג פון דעם ערשטן יידישן רעוואָלוציאָנערן קרייז אין ווילנע, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט אהרן זונדלעוויטש און א. ש. ליבערמאַן. |
| 1875 — גרינדונג פון „מזכרת משה" — אויפן נאָמען פון משה מאָנטעפיאָרי — אַ געזעלשאַפט פון אויפבוי פון ארץ ישראל. | 1876 — די גרינדונג פון אַ פאַריין פון די ערשטע יידישע סאָציאַליסטן (אין לאָנדאָן) — „אגודת הסוציאליסטים העברים בלונדון"; די ערשטע סאָציאַליסטישע פּראָקלאַמאַציע: „אל שלומי בחורי ישראל"; די גרינדונג פונם ערשטן יידישן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין „חברים כל בעלי־מלאכה" — דאָס אַלץ געשאַפן דורך א. ש. ליבערמאַן. |
| 1876 — גרינדונג דורך ירושלימער יידן פון דער חברה „גאולת הארץ" וואָס האָט זיך געשטעלט דעם ציל: ישוב פון ארץ־ישראל דורך ערד אַרבעט. | |

1878 — די גרינדונג פון פתח־תקוה.

1882—1884 — די גרינדונג פון ביל״ו; דער אָנהויב פון דער ערשטער עליה; די גרינדונג פון די ערשטע קאָלאָניעס: ראשון־לציון, זכרון־יעקב, ראש־פינה, גדרה, נס־ציונה, יסוד־המעלה, עקרון.

1890—1894 — די צווייטע כוואַליע פון דער ערשטער עליה; די גרינדונג פון חדרה, רחובות, משמר־הירדן, עין־זיתים, מוצא.

1896 — עס דערשיינט די „יידישע מדינה" פון הרצל.

1897 — דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס.

1877 — עס דערשיינט די ערשטע יידישע סאָציאַליסטישע צייטונג „האמת" אין ווין, רעדאַגירט דורך א. ש. ליבערמאַן.

1880—1884 — די פאַרשפרייטונג פון די רעוואָלוציאָנערע קרייזן אינם תחום־המושב: אין אָדעס, מינסק, קרעמענטשוג, פאָלטאַווע, ראַגאַטשאָוו, קישעניעוו.

עס דערשיינט די ערשטע סאָציאַליסטישע בראָשור אין יידיש, „יהי אור", פון מאָריס ווינטשעווסקי.

1892 — די ערשטע פייערונג פונם ערשטן מאַי ביי יידן; די אויסברייטערונג פון דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג אינם תחום־המושב און איר פאַרוואַנדלונג אין אַ מאַסן־באַוועגונג.

1895 — די באַקאַנטע רעדע פון מאַרטאָוו־צעדערבוים אויף דער ערשטער־מאַי פאַרזאַמלונג — „דער ווענדפונקט אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג", אין וועלכער ער האָט צום ערשטן מאָל געגעבן אַ טעאָרעטישע און פראַקטישע באַגרינדונג פאַר דער נויטיקייט פון אַ זעלבסשטענדיקע יידישע אַרבעטער באַוועגונג.

1897 — די גרינדונגס־קאָנפערענץ פון „בונד".

אויך נאָכדעם האָבן זיך דידאַזיקע צוויי באַוועגונגען געטראָפן אויף פאַרשידענע עטאַפּן, וועגן דעם וועט נאָך דערמאָנט ווערן.

* * *

צי זיינען די כסדרדיקע צוזאַמענטרעפונגען פון די צוויי באַוועגונגען נאָר אַ צופאַל? — געוויס און געוויס נישט, זיי זיינען אַ פועל־יוצא פון דערווירקלעכקייט.

דער פּראָצעס פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג וועלכער האָט זיך פריער אָנגעהויבן אין די לענדער פון מערב און צענטראַל־אייראָפּע און שפּעטער זיך אויך איבערגעטראָגן אין די לענדער פון מזרח־אייראָפּע האָט גרינדלעך געענדערט די לאַגע פון די מיל־יאָנען יידן, — סיי כלפּי חוץ און סיי כלפּי פנים. דער אַריינפיר פון חבר ב. לאָקער גיט אַ קלאָר בילד פון דערדאָזיקער אַנטוויקלונג און דעריבער וועלן מיר זיך אויף איר נישט אָפּשטעלן.

דיזעלבע ווירקלעכקייט, וועלכע האָט געווירקט אויף דער פאַרשטאַרקונג פון נאַציאָנאַלן געדאַנק האָט אויך געווירקט אויף דער פאַרטיפונג פון די קלאַסן־אונטערשידן אויף דער יידישער גאַס. איינער איז דער הויפּט־מקור פאַרן ציוניזם און פאַרן סאָציאַליזם — די בייע ווירקלעכקייט, פאַר וועלכער עס איז געשטעלט געוואָרן דאָס יידישע פאָלק.

---

ווי עס איז שוין געזאָגט געוואָרן, זיינען די צוויי באַוועגונגען געבוירן געוואָרן ווי אַ צווילינג, אָבער שוין אין זייערע ערשטע טריט האָבן זיי נישט אַרויסגעוויזן קיין איבעריקע ליבשאַפט איינע צו דער צווייטער, און נאָך אַ געוויסער צייט, האָבן זיי זיך אפילו פיינט געקראָגן און זיך פאַרהאַלטן ווי פאַרביסענע שונאים איינע צו דער אַנדערער. אין די צוויי באַוועגונגען האָט זיך פאַרווירקלעכט די מעשה פון חומש וועגן דעם געבורט פון יעקב און עשו: „ויתרוצצו הבנים בקרבה", און אין ביידע לאַגערן — אין ציוניסטישן און אין סאָציאַ־ליסטישן — זיינען טאַקי געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן געדרשענט

אינם סטיל פון חומש: „שני גויים בבטנך ושני לאומים ממעיך יפרדו ולאום מלאום יאמץ״, זיי זיינען געווען פאַראינטערעסירט צו פאַרטיפן דעם תהום, פונאַנדערצופלאַקערן דעם קאַמפּס־פייער און צו באַווייזן, אַז איינע מוז דערדריקן די צווייטע, ווייל יעדע איינע קען געבויט ווערן אויפן חורבן פון דער צווייטער. און אַז עס מוז עקזיסטירן אַ דורותדיקער קאַמף צווישן שיבת־ציון און סאָציאַליזם, צווישן מאַרקס און הערצל. אמת, אין דערזעלבער צייט איז געוואַקסן אַ לאַגער, וועלכער האָט געקעמפט געגן דער אויפפאַסונג פון „שני גויים בבטנך״. דער דאָזיקער לאַגער האָט אפילו געקעמפט געגן אַנערקענען די בכורה פאַר איינער פון דידאָזיקע צוויי אידייען. די מענטשן פון אָט דעם לאַגער האָבן איינגעזען, אַז ביידע באַוועגונגען זיינען געבונדן און געפלאָכטן אין זייער גורל: עס וועט נישט פאַרווירקלעכט ווערן דער ציוניזם אָן אַ קלאַסן־קאַמף, אָן אַ סאָציאַליסטישער שאַפונג, אָן אַ קאָנצענטראַציע פון אַ יידישן אַרבעטער־כוח אין ארץ־ישראל, און פון דער צווייטער זייט — וועט דער יידישער אַרבעטער אָן ארץ־ישראל נישט האָבן דעם שמיד־אייזן אויף וועלכן ער דאַרף אויסשמידן זיין סאָציאַליסטישן טאָט, ווי אַ טייל פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער מענטשלעכער פאַרווירקלעכונג. עס איז אויפגעוואַקסן די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג, מיט אירע שטרע־מונגען און שיטות, וועלכע האָט געשאַפן די ווונדערלעכע סינטעזע פון די צוויי געגענזאַצן. דידאָזיקע באַוועגונג, וועלכע האָט אָנגעהויבן פון איינצלנע האָט זיך כסדר אויסגעברייטערט און האָט דעראָבערט פאָזיציעס סיי אינם יידנטום און סיי אין דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנעלער געזעלשאַפטלעכקייט. די גרינדונג פונם וועלט־פאַרבאַנד „פועלי־ציון״ אין האַג, אין אויגוסט 1907, האָט געעפנט אַ נייעם בלאַט אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק, — זי האָט פאַרבונדן די אַלטע משיחישע אידיי פון דעם טראַדיציאָנעלן יידנטום מיט דער נייעסטער אידיי, וועלכע האָט דעראָבערט דעם אייראָפּעישן פּראָלעטאַריאַט און די בעסטע טיילן פון דער מענטשהייט — דעם סאָציאַליזם. אָבער דידאָזיקע באַוועגונג האָט באַוויזן צו פאַרבינדן

נאָר די אידייען אָבער נישט די לאַגערן פון די אידייען־טרעגער אויף דער יידישער גאַס. זי האָט נישט פאַרטושט די געגענזאַצן צווישן זיי. זי האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ דריטן לאַגער און זי האָט געמוזט ריכטן אירע פיילן אין ביידע זייטן.

---

האָבן טאַקי עקזיסטירט גרונד־געגנזאַצן צווישן די צוויי אידייען און זייערע טרעגער, ווי עס האָבן געוואָלט באַווייזן אַ סך פון ביידע לאַגערן? איז דען דער סאָציאַליזם אויף אונזער גאַס געווען אינגאַנצן „רויטפאַרבי́ק" — דאָס הייסט, צי זיינען זיינע מקורות געווען נאָר קלאַסן־מקורות, אָן אַ צוגאָב פון נאַציאָנאַלע עלעמענטן? און פון דער צווייטער זייט — איז דען טאַקי דער ציוניזם געווען אַ מאַסקע פאַר דער יידישער בורזשואַזיע, כדי צו פאַרדעקן מיט אים אירע קלאַסן־אינטערעסן און אַ מיטל צו פאַרטושן דעם קלאַסן־באַוווסטזיין פון יידישן אַרבעטער — ווי עס האָבן געוואָלט באַווייזן די חברים פון „בונד" און אַנדערע אַסימילירטע סאָציאַליסטן?

קודם־כל בנוגע דעם ציוניזם. — ער איז קיינמאָל נישט געווען די באַוועגונג פונם יידישן „גביר", און געוויס נישט פון דער יידישער גרויס־בורזשואַזיע. דער נאַציאָנאַליזם, וועלכן עס האָט באַנוצט די בורזשואַזיע פון אַנדערע פעלקער אַלס געווער אינם אויסערלעכן קאָנקורענץ־קאַמף, איז נישט געווען אין די הענט פונם יידישן בורזשוי קיין פאַסיק געווער פאַר זיינע אינטערעסן. אדרבה, ער איז געווען פאַראינטערעסירט צו פאַרטושן זיין אייגענעם נאַציאָנאַלן מהות, ווייל ער האָט זיך געמוזט צופאַסן צום אָרטיקן מארק, וואָס איז צום גרעסטן־טייל געווען נישט־יידיש. די יידישע בורזשוען זיינען געווען די ערשטע צום אַסימילירן זיך, און אויך זייער אידעאָלאָגיע איז געווען אַן אַסימילאַציע אידעאָלאָגיע.

עס איז כדאי צו פאַרצייכענען אַן אינטערעסאַנטן פאַקט: בעת דער „בונד" האָט זיך נאָך באַמיט צו באַווייזן, אַז דער ציוניזם איז נאָר אַ מיטל פאַר דער יידישער בורזשואַזיע, כדי אַראָפּצופירן דעם

יידישן אַרבעטער פונם קלאַסן־וועג, האָט ער גלייכצייטיק זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון באַנוצן זיך מיט אַן אַרגומענט געגן ציוניזם אויפֿ־ווייזנדיק אַז די יידישע בורזשואַזיע איז ווייט פונם ציוניזם. אַזוי לייענען מיר, למשל, אין אַ בראָשור געגן ציוניזם, וואָס דער „בונד״ האָט אַרויסגעגעבן אין 1905: „מיר רעכענען, אַז צוליב דעם, וואָס ארץ־ישראל גיט קיין שום האָפֿנונגען ניט אויף גרויסע פֿאַרדינסטן, האַלטן זיך די גרויסע יידישע גבירים קאַלט־בלוטיק צום ציוניזם. עס איז דאָך טאַקע מערקווירדיק, אַז אַ אידעאַלע יידישע בורזשואַזנע מלוכה ציט צו זיך ניט צו די יידישע בורזשואַזיע. די יידישע בורזשו־אַזיע איז געגנוג פּראַקטיש אום זיך ניט צו לאָזן פֿאַרפֿירן מיט קיין שום פֿאַנטאַזיעס. זי ווייסט בעסער ווי די אויסלענדישע פּעליעטאָניסטן (געמיינט ד״ר הערצל. י. ר.) און שרייבער ווו עס ליגט זייער אמתע מאַכט, און ווו זיי קענען איר פֿאַרגרעסערן, און אַז זיי קערן זיך אָפּ פֿון ארץ־ישראל, איז דאָס אַ סימן, אַז דאָרט איז ניט דער אָרט, ווו עס קען אין דער צוקונפֿט בליען פֿאַבריקאַציאָן און מסחר״. (דער ציוניזם, לנו, ז׳ 23). פֿאַרשטענדלעך, אַז דערדאָזיקער מאָטיוו דינט דעם שרייבער פֿון דער בראָשור פֿאַר אַן איבערצייגנדער באַגרינדונג, אַז דער ציוניזם לאָזט זיך נישט פֿאַרווירקלעכן.

דער ציוניזם, זינט ער איז אַנטשטאַנען, איז געוואָרן די אידעאָלאָגיע פֿון דער פֿאָלקס־אינטעליגענץ, פֿונם מיטלשטאַנד, וואָס זיין עקזיסטענץ האָט זיך אָנגעהויבן צו וואַקלען, פֿון די בעל־מלאכהשע קרייזן און פֿון קענטיקע טיילן אין דער יידישער אַרבעטערשאַפֿט, וועלכע האָבן טיפֿער דערזען די יידישע ווירקלעכקייט אין אַלגעמיין און די ווירקלעכקייט פֿונם יידישן אַרבעטער בפרט. דער ציוניסטישער געדאַנק איז געווען אַ טיפֿער אויסדרוק פֿאַר דער שטרעבונג פֿון די יידישע מאַסן, וועלכע זיינען אַרויסגעשטויסן געוואָרן אָדער זיינען געשטאַנען אין דער ריי אַרויסגעשטויסן צו ווערן פֿון זייערע פּרנסה־מקורות, און וועלכע האָבן איינגעזען זייער רעטונג אינם איבערגאַנג צו אַ פּראָדוקטיוו אַרבעטס־לעבן. דער פּירוש פֿון דעמ־דאָזיקן איבערגאַנג איז — פּראָלעטאַריזאַציע. די ערשטע סימנים

פון דערדאָזיקער שטרעבונג האָבן זיך באַוויזן נאָך אין אָנהויב פון דער השכלה־תקופה ביי די יידן אין רוסלאַנד. איר טרעגער איז געווען ר׳ יצחק בער לעווינסאָן. פון דאַן אָן ווערט זי דער גרונד־טאָן אין דער ליטעראַטור און אויך אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. דער ציוניזם האָט אויפגעהויבן דעם ענין פּראָדוקטיוויזאַציע צו אַ הויפּט־נאַציאָנאַלע אויפגאַבע. דעריבער געפינען מיר אין פּאָעזיע, אויך אין פּראָזע און נאָכמער אין פּובליציסטיק אַ סך לויב־געזאַנגען פאַר דער אַרבעט, די אונטערשטרייכונג פון איר מאָראַלישן, נאַציאָנאַלן און מענטשלעכן ווערט און דאָס בולט־מאַכן איר אָרט אין דער אויפלעבונג פון דער נאַציע.

דאָ קען מען זען דעם גרויסן אונטערשיד צווישן דעם פאַר־אָרעמטן יידישן מיטלשטאַנד און צווישן דעם מיטלשטאַנד ביי אַנדערע פעלקער. די לעצטע — האָבן געקעמפט מיט זייער גאַנצן כוח און מיט אַלע מיטלען געגן די פּראָלעטאַריזאַציע־אויסזיכטן, וועלכע האָבן זיי געדראָט, און זיי האָבן אויפגעשטעלט דעם נאַציזם און דעם פאַשיזם צו זייער הילף. דאַגעגן ביי די יידן — האָבן גרויסע טיילן פונם מיטלשטאַנד געזען זייער אויסלייזונג אינם איבערגאַנג צו אַרבעט, זיי האָבן אָבער נישט געגלויבט, אַז דאָס קען פאַרווירקלעכט ווערן אין די לענדער ווו זיי געפינען זיך, און זיי האָבן אָנגעהויבן עמיגרירן. די עמיגראַציע האָט געדינט אַלס אַ מעכטיקער אינסטרו־מענט פאַר פּראָדוקטיוויזאַציע פון די יידישע מאַסן, און אויב אין אַלע לענדער איז דאָס געשען אויף אַ סטיכישן אופן, איז עס אָבער אין ארץ־ישראל פאָרגעקומען לויט אַ געריכטעטן פּראָגראַם. דער פּראָצעס האָט געפירט צו פּראָלעטאַריזאַציע. עס האָט עקזיסטירט אַ שטרעבונג צו פאַרוואַנדלען דעם גרעסטן טייל פונם יידישן ישוב אין אַן אַרבעטס־פאָלק. דאָס האָט פון פאָרויס באַשטימט די אָריענ־טאַציע פונם ציוניזם אויף דער אַרבעט און צו דער אַרבעט.

דער ציוניזם איז, לויט זיין מהות און לויט זיין טראַדיציע, פּאָטענציעל געווען אַ פאַרבינדעטער פון דער אַרבעטס־באַוועגונג, אָבער אַזוי ווי זיינע טרעגער, אינם גרעסטן טייל, זיינען אין משך פון

אַ לאַנגער תקופה געווען נישט קיין אַרבעטער, האָט ער זיך געראַנגלט מיט זיינע אינערלעכע סתירות. דרך אגב, דאָס איז געווען נישט די איינציקע אינערלעכע סתירה, דער ציוניזם האָט דאָך טעאָרעטיש אויפגעפאָדערט יעדן ייד נישט שלום צו מאַכן מיטן גלות, צו פאָרן קיין ארץ־ישראל און אײפלעבן איר ערד מיט שאַפנדיקע און פראָדוקטיווע אַרבעט, אָבער פּאַקטיש. איז דער גרעסטער טייל פון די ציוניסטן פאַרבליבן אין די גלות־לענדער און זיך צוגעפּאַסט צום גלות־לעבן, דאָס הייסט: זיי האָבן זיך אַסימילירט. פונקט, ווי אַ סך בונדיסטן, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז זייער קאַמפּס־פראָנט איז אין רוסלאַנד, האָבן עמיגרירט אין לענדער מעבר לים.

---

ציוניזם און גלותיזם אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט זיינען נישט געווען צעטיילט לויט אַ ליניע פון נישט־סאָציאַליזם און סאָציאַליזם. די גלות־אָנהענגער האָבן אין סאָציאַלער הינזיכט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ פאַרשידנפאַרביקן רעגנבויגן: יידישע גבירים, מיטגלידער פון „אגודת ישראל", כלי־קודש, בירגערלעכע אויטאָנאָמיסטן פון ש. דובנאָווס חדר, אויטאָנאָמיסטן־סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן געקעמפט פאַר אַ יידישן סיים, רויטע אַסימילאַטאָרן און אַסימילאַטאָרן צוליב קאַריערע, בונדיסטן. דער גלותיזם האָט נישט אַנטהאַלטן אין זיך קיין שום סאָציאַליסטישע ווערטן, פונקט ווי דער ציוניסטישער געדאַנק האָט נישט אַנטהאַלטן אין זיך קיין שפור פון געגנזאַץ צום סאָציאַליזם. מיט דער צייט האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז דווקא דער ציוניזם, וועלכער איז געווען אַ באַוועגונג פון כלל־ישראל, האָט פאַרשטאַרקט דעם פראָצעס פון פראָדוקטיוויזאַציע ביי יידן און דערמיט — אויך די אַרבעטער־באַוועגונג.

דער פאַקט, וואָס דער גרעסטער טייל טרעגער פון דער ציוניס־טישער באַוועגונג זיינען אין יענער צייט באַשטאַנען פון נישט־אַרבעטער, האָט געשאַפן דעם איינדרוק, אַז דער ציוניזם, ווי אַ באַוועגונג, שטייט פון דער זייט און איז אפילו געגן דער רעוואָלוציע

אין רוסלאַנד. דער באַגריף ציוניזם האָט זיך ביי זיינע לינקע שונאים אידענטיפיצירט מיטן אַנטלויפן פון דער רעוואָלוציע, פון סאָציאַליזם. מען קען, אמת, נישט פאַרלייקענען, אַז עס זיינען טאַקע געווען טיילן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, וועלכע האָבן געפונען אינם ציוניזם אַ באַהעלטניש געגן די שטורמדיקע כוואַליעס פון דער רעוואָלוציע, און עס דאַרף דאָ פאַרצייכנט ווערן, אַז די גרינדער פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָבן נישט שטאַרק ליב געהאַט דעמדאָזיקן סאָרט באַלעבאַטישע ציוניסטן. עס איז גענוג צו לייענען די שילדערונגען פון י. ח. ברענער, די זכרונות פון נחמן סירקין, וועלכע ווערן געבראַכט אין דערדאָזיקער זאַמלונג, ב. קאַ־צענעלסאָנס אָפּהאַנדלונג וועגן זיי, כדי עס זאָל אָפּגעשוואַכט און פאַר־קלענערט ווערן די סימפּאַטיע צו זיי. אָבער נישט דער ציוניזם האָט אַוועקגעשטעלט דידאָזיקע קרייזן אויף דער אַנדער זייט פון די רעוואָלוציע־באַריקאַדעס, נאָר זייער באַלעבאַטישקייט האָט געבראַכט דערצו. זיי האָבן זיך נישט אונטערגעשיידעט פון אַ סך אַנדערע „באַלעבאַטים“, וועלכע זיינען נישט געווען קיין ציוניסטן. אָבער דער ציוניזם אַלס אידיי האָט נישט נעגירט און האָט נישט געקענט נעגירן די רעוואָלוציע און דעם סאָציאַליזם. אַ ראיה דערפאַר זיינען — די ציוניסטן־סאָציאַליסטן. זייער ציוניזם האָט זיי אינגאַנצן נישט געשטערט צו באַטייליקן זיך אין דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע און אין דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט אין דער רעאַקציע־תקופה, וועלכע איז געקומען נאָך דער רעוואָלוציע. זיי זיינען נישט געבליבן הינטערשטעליג אין זייער טריישאַפט, מוט און זעלבסט־אָפּפערליכקייט, לגבי די יידישע און ניש־יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין זייער קאַמף געגען צאַרישן רעזשים. אמת איז, אז עס איז געווען אַ שטרע־מונג אינם אַרבעטער ציוניזם — די מינסקער פּועלי־ציון — אין אָנהויב פון דער עקזיסטענץ־צייט פון דער באַוועגונג, וועלכע האָט נישט אָנערקענט דעם פּאָליטישן קאַמף אין די גלות לענדער. אָבער דער שטח פון איר השפעה איז געווען זייער באַגרענצט אין געאָגראַ־פישער הינזיכט, אויך איר עקזיסטענץ איז נאָר געווען אַ צייטווייליקע

און זי איז שנעל ליקווידירט געוואָרן. און אינטערעסאַנט, נאָך אַ געוויסע צייט האָבן די זעלבע פּאַראַטן אויך דעם ציוניזם. דער סאָציאַליסטישער ציוניזם מיט זיינע שטרעמונגען און שיטות האָט געטריי געדינט דער רעוואָלוציע.

* * *

און וואָס איז נוגע דעם סאָציאַליזם אויף דער יידישער גאַס — איז אַ גרויסער טעות צו טראַכטן, אַז ער איז נאָר אַ פּועל־יוצא פון די קלאַסן־געגנזאַצן אויף דער יידישער גאַס. דער אַרבעטער קלאַס צווישן יידן איז סיי אין איכות און סיי אין כמות געווען מער אָפּגעשטאַנען פונם אַרבעטער ביי די אַנטוויקלטע פעלקער. דער יידישער אַרבעטער איז געווען מער באַשעפטיקט ביי האַנטווערקעריי ווי ביי פאַבריקאַציע, און ער איז געווען צעשפּרייט און צעוואָרפן אין קליינע האַנטווערקערייען, ער איז געווען באַשעפ־טיקט נישט ביי די ערשטראַנגיקע פּראָדוקציע־צווייגן, אים האָט געפעלט די טראַדיציע פון אַ קלאַס. דער פאַבריק־אַרבעטער, אויפ־וויפיל ער האָט זיך באַוויזן אויף דער יידישער גאַס, איז געווען אַ נייע דערשיינונג אין יידישן לעבן. ער האָט געמאַכט כמעט זיינע ערשטע טריט. דאָס לעבן פון די יידישע ישובים אין יענער צייט האָט איינגעהאַלטן, נישט אין קיין קליינער מאָס, זיין פּראָווינציעלן כאַראַקטער, כאָטש די נייע פאַבריקאַציע־באַדינגונגען האָבן אין אים אַריינגעפירט אַ סך ענדערונגען. דאָס אַלץ האָט נישט צוגעגעבן קיין סך כוח דער יונגער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

וואָס־זשע איז דאָך געווען די סיבה וואָס דער יידישער אַרבעטער האָט פאַרנומען אַזאַ אָנגעזען אָרט אין דער רעוואָלוציאָ־נערער באַוועגונג אין רוסלאַנד? ווו ליגט דער סוד פון זיין פאַר־וואַנדלונג אין אַן אַוואַנגאַרד־כוח אין דער רעוואָלוציע, אין אייניקייט, אין אַקציעס, אין מוט, אין געוואַגטקייט, אין דער גרייטקייט צו זעלבסט־אָפּפערלעכקייט און אין אַרויסווייזן אַ פעאיקייט צו באַאומ־רואיקן דעם רעזשים? וואָס איז די סיבה, וואָס די יידן האָבן געגעבן אַ גרעסערע צאָל רעוואָלוציאָנערן, ווי אַנדערע פעלקער? און עס

איז אויך אַ פאַקט, אַז די יידישע סאָציאַלדעמאָקראַטיע (דער „בונד״) האָט זיך פריער אָרגאַניזירט פון דער רוסישער, און אין די ערשטע יאָרן האָט זי איבערגעשטיגן מיט איר אָרגאַניזירטקייט און אייניקייט די רוסישע סאָציאַלדעמאָקראַטיע. ווען דער „בונד״ איז שוין געווען אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע, זיינען נאָך די רוסישע סאָציאַלדעמאָקראַטן געווען צעבראָקלט און צעשפרייט אָן אַ השפעה אויף די אַרבעטער־מאַסן.

לויט אַ סטאַטיסטיק פון באַוווּסטן היסטאָריקער פון ר.ק.פּ., ניעווסקי, זענען באַשטראָפט געוואָרן פאַר פּאָליטישע חטאים:

| | 1897 | 1898 | 1899 | 1900 |
|---|---|---|---|---|
| רוסן | 670 | 591 | 629 | 739 |
| פּאָליאַקן | 594 | 237 | 367 | 380 |
| יידן | 171 | 213 | 351 | 384 |

און עס איז ניט צו פאַרגעסן אַז די יידן אין יענע יאָרן האָבן אויסגעמאַכט אין רוסלאַנד נאָר אַ 4 פּראָצענט.

עס איז געווען אַ צייט, ווען די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף דער באַוועגונג אין רוסלאַנד, וועלכע האָט זיך נאָך נישט באַוויזן צו אָרגאַניזירן און צו פאַרייניקן, ווי דער יידישער אַרבעטער. אָבער ווען דער רוסישער אַרבעטער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער אַרויסגעוויזן ווי גרויס איז זיין כוח אין פאַרגלייך מיט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע האָט עקזיסטירט נאָר אין די גרענעץ־פּראָווינצן.

אויב מיר קענען נישט געפינען נאָר קלאַסן־סיבות פאַר דער־דאָזיקער דערשיינונג, געפינען מיר אָבער ספּעציפישע נאַציאָנאַלע פאַקטאָרן, וועלכע האָבן געשטויסן דעם יידישן אַרבעטער און דעם יידישן אינטעליגענט צו דעם אָרט, וועלכן זיי האָבן פאַרנומען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די לעזונג פון דערדאָזיקער רעטעניש ליגט אין דער ספּעציפישער לאַגע פון יידישן פאָלק אין משך פון הונדערטער יאָרן, וועלכע האָט אָפּגעדרוקט איר ספּעציפישן סטעמפּל אויף דער פּסיכיק פונם פאָלק און אויף זיין וועלט־אַנשויאונג. פאַר

דעמדראָזיקן ספּעציפישן לעבנסשטייגער און פאַר איר רעוואָלוציאָ־נערער השפעה האָט געגעבן אַ טרעפלעכן אויסדרוק לודוויג בערנע: „ווייל איך בין געבוירן געוואָרן אַ קנעכט, איז מיר די פרייהייט אַ סך טייערער ווי אייך, איך קען זי בעסער אָפּשאַצן; ווייל איך בין געבוירן געוואָרן אָן אַ היימלאַנד, דעריבער שטרעב איך אַזוי שטאַרק זי צו דעראָבערן. ענג איז געווען דאָס אָרט, ווו איך בין געבוירן געוואָרן — נאָר די יידן גאַס, וואָס הינטער אירע טויערן האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ פרעמדער באָדן — דעריבער זיינען פאַר מיר נישט גענוג, ניט קיין שטאָט, נישט קיין לאַנד און נישט קיין מדינה פאַר אַ היימלאַנד א. אַ.וו.".

און ק. קאַוטסקי — וועלכער איז דעמאָלסט געווען דער פאַרגע־טערטער לערער און אַ גרויסער בר־סמכא ביי דער אייראָפּעאישער און רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, האָט דעפינירט דעם מצב פונם יידישן אַרבעטער אין רוסלאַנד ווי „די פאַריער פון פּראָלעטאַריאַט".

יענער ספּעציפישער מצב פון זיין גערודפט און אונטערדריקט האָט אויסגעשמידט ביים יידישן אַרבעטער און אינטעליגענט דעם גליענדן באַגער אונטערצוגראָבן די פונדאַמענטן פונם עקזיסטירנדן רעזשים. דער גאַנצער גיפט און די ביטערקייט, וועלכע האָבן זיך אָנגעזאַמלט ביים ייד אין משך פון דורות, זיינען אויסגעבראָכן, כדי צו דערשיטערן און פאַרניכטן די אָרדנונגען, וועלכע פאַרמערן אונטערדריקונג און עקספּלאָאַטאַציע.

ביים יידישן אַרבעטער, וועלכער האָט אין זיין נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ געליטן טאָפּלט — פון נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן יאָך — האָבן געברענט מער ווי ביי אַנדערע די הייליקע שנאה צום עקזיס־טירנדן רעזשים און די רעוואָלוציאָנערע באַגייסטערונג פאַר דער צוקונפט. מען קען דעריבער נישט אויסטיילן זיין סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון זיין ספּעציפישע נאַציאָנאַלע סביבה, פונקט ווי מען קען נישט אָפּטיילן דעם ציוניזם פון יענער סאָציאַל־עקאָנאָמישער ווירקלעכקייט אין וועלכער עס האָבן געלעבט די יידישע מאַסן, און דווקא צוליב דעם קען מען נישט באַרעכטיקן פון

אָביעקטיוון און וועזנטלעכן שטאַנדפּונקט, דאָס גראָבן תהומות, וואָס מענטשן פון ביידע לאַגערן — פון ציוניסטישן און פונם סאָציאַליס־טישן — האָבן זיך באַמיט אויסצוגראָבן צווישן ביידע.

---

מיר ווילן נישט אָנהויבן פון פאַר „מתן תורה". עס איז באַוווּסט די קאָנצעפּציע פון משה העס, וועלכער האָט פאַרבונדן אין אַ אומצע־רייסבאַרן בונד דעם ציוניזם און דעם סאָציאַליזם. אָבער דאָס איז געווען אַ לערע פון אַ יחיד אָן תלמידים. דעריבער וועלן מיר זיך מיט איר נישט פאַרנעמען. מיר וועלן זיך אויך נישט אָפּשטעלן אויף א. ש. ליבערמאַן — דעם גרינדער פון יידישן סאָציאַליזם — זיין לערע, זיינע זוכענישן און אינערלעכע ראַנגלענישן ביים סינטעזירן סאָציאַ־ליזם מיט יידנטום. דאָס אַלץ געהערט צו דער פּרעהיסטאָריע און צו יחידים. וויכטיקער איז וויאַזוי זיינען געווען די פאַרהעלטנישן צווישן דעם ציוניזם און דעם סאָציאַליזם, ווען די אָנהענגער פון ביידע האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אויסקריסטאַליזירטע לאַגערן.

דאַכט זיך, אַז אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג גופא זיינען אויפגעקומען דער ציוניזם און דער אַנטי־ציוניזם געבונדן אינאיינעם. אין גרעסטן טייל האָט איבערגעוויגן דער אַנטי־ציוניזם, אָבער עס איז נישט געווען קיין איין מאָמענט, ווען דער ציוניזם זאָל זיך נישט באַווייזן דאָ און דאָרט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. און אויב דער אינטעליגענט־אידעאָלאָג האָט אים געוואָלט פאַרטושן, האָט ער זיך דאָך אַנטפּלעקט אין עפּעס אַן אָרט אין פאַרשידענע פאָרמען.

די אַרבעטער־באַוועגונג ווי אַ מאַסן־באַוועגונג האָט זיך בעצם ערשט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אין אָנהויב פון די ניינציקער יאָרן אין פאַבריקן יאָרהונדערט. מיר וועלן קיין טעות נישט האָבן, אויב מיר וועלן אָנעמען דידאַקטיקע צייט פאַר אַ וווּנד־תקופה אין דער באַוועגונג. אין יאָר 1892 האָט דער יידישער אַרבעטער דאָס ערשטע מאָל געפייערט דעם ערשטן מאַי. אַ הונדערט אַרבעטער

האָבן זיך פאַרזאַמלט אין ווילנע — דער חשובסטער צענטער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג — עס זיינען געהאַלטן געוואָרן פיר רעדעס, און צווישן זיי איינע, אין וועלכער דער רעדנער האָט זיך טיילווייז אָפּגעשטעלט אויפן ציוניזם. ער האָט געפרווּווט צו באַווייזן, אַז שיבת־ציון פאַרענטפערט נישט די פראַגע פון יידישן אַרבּעטער, ווייל אויך אין ארץ־ישראל וועט עקזיסטירן דיזעלבע עקספּלאָאַטאַציע — וועלכע הערשט אין אַלע לענדער. און אויך דאָרט וועט דעם אַרבעטער דראָען שטראָף, אויב ער וועט פרווּון צו צעשטערן דעם עקזיסטירנדן רעזשים. דאָס הייסט: ער האָט געזען דעם פּראָבלעם פון יידישן אַרבעטער נישט ווי פון אַ געזעל־שאַפט, וואָס טראָגט דעם שותפותדיקן גורל פון אַ פאָלק, וועלכער געפינט זיך אין זיין ספּעציפישן מצב, נאָר ווי אַ זאַמלונג פון יחידים, און דעריבער זיינען זיינע אויספירונגען, וועלכע ער האָט געמאַכט, געווען געריכטעט צום יידישן אַרבעטער, ווי אַ יחיד.

אין יענעם ערשטן מאַי האָבן די לאָדזער אַרבעטער — אַ גרויסער אַרבעטער־צענטער אין פּוילן — געפרווּוט אַרויסצוגיין אין די גאַסן אין אַ גרויסער דעמאָנסטראַציע. כוליגאַנישע עלעמענטן פון דער באַקאַנטער באַלוטער געגנט האָבן אויסגענוצט דידאָזיקע געלעגנהייט און אָנגעפאַלן אויף יידן. די פּאָליציי, וועלכע האָט געוואָלט פאַראומווירדיקן דעם אַרבעטער יום־טוב, האָט אַרעסטירט אַ סך אַרבעטער אַלס אָרדנונגס־שטערער און זיי עפנטלעך געשמיסן. און אַזוי איז דער ערשטער מאַי יום־טוב באַפלעקט געוואָרן מיט יידיש בלוט און דער גרויסער טאָג איז באַצייכנט געוואָרן ווי אַ טאָג אין וועלכן אַרבעטער האָבן געמאַכט כוליגאַנישע אָנפאַלן. לויט די זכרונות פון בייניש מיכאַלעוויטש — איינער פון די גרינדער פון „בונד" — האָט מען אין משך פון יאָרן געזונגען אַ ליד, אין וועלכן עס ווערן געשילדערט די געשעענישן פון יענעם טאָג. נאָך יעדער סטראָפע פונם ליד איז געקומען אַזאַ פערז:

אוי דו זיסער גאָט, דו קוקסט זיך צו אַלץ צו:
דיינע שעפעלעך האָבן גאָר קיין רו.

שטרעק שוין אויס דיין רעכטע האַנט,
און פיר אונז צוריק אין אונזער לאַנד.

און אַזוי איז אין איינעם אַ היסטאָרישן טאָג אין איין אָרט גערעדט געוואָרן געגן ארץ־ישראל און אין צווייטן האָט מען געזונגען וועגן שיבת־ציון. ביידע זאַכן צוזאַמען.



ציוניזם און סאָציאַליזם זיינען אין זייער דערשיינונג אויף דער יידישער גאַס סיי אין אידייאישער סיי אין וועזנטלעכער הינזיכט נישט געווען קיין געגנזאַצן. אין דער ציוניסטישער ליטעראַטור פון יענע טעג קען מען נישט געפינען קיין שווערע אַרויסטרעטונגען געגן סאָציאַליזם. אין געוויסע ערטער קען מען זיך אפשר אָנשטויסן אין אַן אויסדרוק פון פרעמדקייט, אָבער בשום אופן נישט פון שנאה. אויך אין די יידיש סאָציאַליסטישע קרייזן אין וועלכע עס האָבן זיך שפּעטער אויסקריסטאַליזירט קערנדלעך פון „בונד" איז נישט געווען קיין שנאה צום ציוניזם. אין דידאָזיקע קרייזן האָט מען זיך בכלל נישט פאַרנומען מיט ציוניזם. ער איז געשטאַנען כמעט אויסער זייער פּערספּעקטיוו־שטח. איינער פון די גרינדער פון „בונד" דזשאָן מיל דערציילט אין זיינע זכרונות: „ביז 1895 איז די יידישע נאַציאָנאַלע פראַגע קיינמאָל נישט געווען באַרירט אָדער דיסקוטירט... אפילו די ערשטע סימנים פון ציוניזם (חובבי ציון) האָבן קיינעם נישט פאַראינטערעסירט... סיי די אינטעליגענטן און סיי די אַרבעטער האָבן זיך באַצויגן צו דער אויפגעקומענער ציוניסטישער באַוועגונג מיט אַן אַבסאָלוטן גלייכגילט". („פּיאָנערן און בויער" זייט 106). דער עצם פאַקט, אז אויף דער גרינדונגס־קאָנפערענץ פון „בונד", וועלכע איז פאָרגעקומען עטלעכע טעג נאָכן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין דער יידישער וועלט, איז נישט אָנגענומען געוואָרן קיין שום שטעלונג צום ציוניזם, באַווייזט גאַנץ קלאָר, אז

דער „בונד" איז נישט געגרינדעט געוואָרן ווי אַן אַנטיטעזע צום ציוניזם. עס איז, אמת, שוין דערמאָנט געוואָרן איינע פון די רעדעס אויף דער ערשטער־מאַי־פייערונג אין יאָר 1892... אָבער זי האָט נישט אַנטהאַלטן קיין פּרינציפּיעלע נעגאַטיווע שטעלונג, פּאַרקערט, אין דער הינזיכט קען מען געפינען אַ געוויסע סימפּאַטיע צום ציוניזם. ער האָט געזאָגט: „עס איז פאַרשטענדלעך און עס איז קיין חידוש נישט וואָס דאָס אָרעמע יידישע פאָלק לאָזט זיך פאַרפירן (דורכן ציוניזם — י. ר.). אין אים לעבט דער ווונטש כאָטש איינמאָל צו באַפרייען זיך פון די טויזנט־יעריקע רדיפות. דאָס פאָלק גלייבט, אַז אַ מאָל וועט קומען דער „משיח" און וועט אַלע יידן אַרויספירן קיין ארץ־ישראל און אַז נאָר דאַמאָלט וועט זיך אָנהויבן אַן אַנשטענדיק מענטשלעך לעבן" (היסטאָרישע שריפטן ג' זייט 623). דער רעדנער וויל נאָר זיין זיכער מיט איין „קלייניקייט": אַז אין ארץ־ישראל וועט באַלד פון ערשטן טאָג אָן אַלץ געבויט ווערן אויף סאָציאַליסטישע יסודות, ווייל אַנדערש וואָס פאַרא טעם איז פאַרבייטן רוסלאַנד אויף ארץ־ישראל. אַ רמז אויף אַ געגנערשאַפט קען מען געפינען אין מינסקער „אַרבעטער בלעטל" פון יאָר 1897 (זע: היסטאָרישע שריפטן ג' זייט 735), אָבער, בדרך כלל, האָט דער „בונד" אין זיין ערשטער תקופה זיך נישט פאַרנומען מיטן ציוניזם.

---

וועגן די צוויי באַוועגונגען — דעם ציוניזם און דעם סאָציאַליזם, אין זייער ערשטער עקזיסטענץ־תקופה, איז ריכטיקער צו זאָגן, אַז זיי זיינען געווען פּאַראַלעלע. אין דער געשיכטע פון פעלקער טרעפט נישט איין מאָל, אַז אידייען ווירקן נישט איינע געגן דער אַנדערער, נאָר איינע ביי דער זייט פון דער אַנדערער, און ערגיץ־ווו, אויף אַ באַשטימטן היסטאָרישן עטאַפּ־פּונקט, שמעלצן זיי זיך צוזאַמען, אָדער עס קומט פאָר צווישן זיי אַ צוזאַמענשטויס. אַזוי האָט אויך געטראָפן מיטן ציוניזם און מיטן סאָציאַליזם אין אונזער גאַס — אָבער דאָ איז געשען עפּעס אויסערגע־

װענלעכעס: זײ האָבן זיך סײ צוזאמענגעגאָסן און סײ צוזאַמענ־געשטויסן.

די צוזאַמענשמעלצונג — די ליניעס פון בײדע האָבן זיך געצויגן נישט אין קײן גלײכע פּאַראַלעלן, זײ פּלעגן זיך פאַרקערעווען אין אַ זײט און זיך צוזאַמענטרעפן. אַן אָפּװײכונג האָט זיך געפּילט סײ אין „בונד" און סײ אין ציוניזם — אין ציוניזם צו דער זײט פון סאָציאַליזם, אין „בונד" — צו דער זײט פון נאַציאָ־נאַליזם. אין „בונד" איז דאָס געשען אונטער דער השפּעה פון צװײ פאַקטאָרן: אַן אױסערלעכער און אַן אינער־לעכער. אינם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם, און בעיקר אין די לענדער, װוּ די באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, האָט זיך אָנגעהױבן אַן איבערשאַצונג פון װערטן לגבי דעם נאַציאָנאַלן מאָמענט. די קאָנפערענץ פון דער עסטרײ־כישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע אין ברין אין יאָר 1899 האָט אַװעק־געלײגט דעם יסוד פאַר אַ נאַציאָנאַלן פּראָגראַם, געבויט נישט אויפן טעריטאָריאַלן יסוד, נאָר אױפן נאַציאָנאַלן־פּערסאָנאַלן יסוד, און ער האָט פאַרזיכערט נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אױך פאַר די קלענסטע מינדערהײטן. דערדאָזיקער פּראָגראַם און די באַגרינדער פון זײן טעאָריע קאַרל רענער (שפּרינגער־סינאָפּטיקוס) און אָטאָ באוער זײנען געװען זײער פּאָפּולער אױף דער ײדישער גאַס. די ײדישע סאָציאַליסטן האָבן געפונען אַ הכשר פאַר דער נאַציאָנאַלער פאָ־דערונג פון קאָמפּעטענטע נישט־ײדישע סאָציאַליסטן. און אינע־װײניק: די השפּעה פון דער ציוניסטישער באַװעגונג איז געװען זײער גרויס, נישט נאָר אויף אירע מיטגלידער, נאָר אויך אויף גרויסע ײדישע מאַסן. אין דער פריער־דערמאָנטער בראָשור „דער פּועלי־ציוניזם" זאָגט דער שרײבער: „דער קאַמף געגן די נאַציאָנאַליסטישע שטרעמונגען אין ײדישן פאָלק פאַרגיכערט די ײנגערע אַנטװיקלונג און האָט געבראַכט צו אַן אַלזײטיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּראָגראַם אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע" (זײט 81). אַן אַנטשײדענער פאַקטאָר איז אויך געװאָרן די פאַרװאַנדלונג פון

„בונד" אין אַ מאַסן אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אַרומגענומען מאַסן יידישע אַרבעטער מיט אַן אַנטוויקלטן נאַציאָנאַלן געפיל און זיי האָבן געשטויסן דעם „בונד" צו פאַרשטאַרקן זיין פּאָזיטיווע באַציאונג צו נאַציאָנאַל־קולטורעלע ווערטן.

---

מען דאַרף אויך נישט פאַרגעסן די השפעה פון די קישעניעווער פּאָגראָמען (אין יאָר 1903) אויף דער גייסטיקער אויספאָרמירונג פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. אונזער דור האָט געזען די פּאָגראָמען אין אוקראַינע אין 1919, און די פּאָגראָמען אין לעמבערג און אין פּינסק בעת דער באַנייאונג פון דער פּוילישער מדינה, און נאָך מער — פאַרניכטונגס־אַקציעס פון היטלער געגן די יידן. די יידן האָבן זיך נישט ווייניק צוגעוווינט צום גורל צו זיין דער קרבן פון פּאָגראָמשטשיקעס. אָבער אין יענער צייט האָבן די פּאָגראָמען געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט און זיי האָבן ממש געדינט פאַר אַ ווענדפּונקט אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכער מיינונג. יענע פּאָגראָמען און אויך די, וועלכע זיינען געקומען שפּעטער זיינען געווען אויסגערעכנט און צוגעגרייט דורכן צאַרישן רעזשים. זיי האָבן געהאַט עטלעכע כוונות: א) אָנלערנען די יידן, וועלכע האָבן זיך צופיל אַרויסגערוקט אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ב) אָפּצוּווענדן דעם צאָרן פון די פאָלקס־מאַסן אין רוסלאַנד, וועלכע זיינען געוואָרן אונטערדריקט און עקספּלאָאַטירט, פון דעם אמתדיק שולדיקן — דעם פאַרפוילטן רעזשים — און אים אָנווייזן אויף אַן שעיר לעזאזל; און צי האָט מען געדאַרפט עפּעס בעסערס פאַרדעם ווי דאָס יידישע פאָלק, וועלכן מען האָט שטענדיק פיינט געהאַט? וואָס איז נוגע די יידן — דערדאָזיקער ציל איז נאָר טיילווייז דערגרייכט געוואָרן. דער בירגערלעכער טייל האָט נישט נאָר זיך אָפּגעשאָקלט פון דער רעוואָלוציע, נאָר ער האָט אָנגעהויבן פאָדערן פון די יידישע רעוואָלוציאָנערן, אין נאָמען פון ראַטעווען דאָס יידישע פאָלק פון פּאָגראָמען, אַרויסצוטרעטן פון די רעוואָלוציאָ־

נערע פאַרטייען און זיך נישט באַטייליקן אין דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. אָבער עס וואָלט געווען אַ פעלשונג פונם אמת פעסט־צושטעלן, אַז די אַלע טיילן זיינען אַנטלאָפן פון דער רעוואָלוציע צום ציוניזם און אַז דאָס האָט פאַר זיי געדינט אַלס אידייאישער אויסרייד אין זייער אָפּגעפרעמדקייט צו דער רעוואָלוציע. זייער גרויסע טיילן פון יידישן בירגערטום, און ניט נאָר די צוריקגעבליבענע יידישע אָרטאָדאָקסיע, וואָס איז געווען געגן ציוניזם, האָבן אפילו נישט געפרוווט אײַנצוּוויקלען זיך אין ציוניזם אין זייער געגנערישער שטעלונג צו דער רעוואָלוציע. אין יענער צייט איז נאָך דער אַרבעטער־ציוניזם געווען פאַרנומען מיטן פאַרבינדן די אידייען פון ציוניזם און סאָציאַליזם, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי צוויי געגנזעצלעכע וועלט־אַנשויאונגען. אָבער מיט דער דערנענטע־רונג פונם ערנסטן קאַמף צווישן דעם סאָציאַליסטישן לאַגער און צווישן דעם צאַרישן רעזשים, האָבן די ציוניסטן־סאָציאַליסטן פאַר־שטאַנען אָנצוהויבן זוכן די סינטעזע אויך צווישן דעם וועג פונם רעוואָלוציאָנערן קאַמף און דעם ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן געדאַנק. די קישענעווער פאָגראָמען האָבן זיי קלאָר באַוויזן נישט נאָר די יידישע טראַגעדיע, נאָר אויך דעם וואָרצל פון דעם פאָליטישן רעזשים אין רוסלאַנד, און דעריבער האָבן זיי אים געשטורמט צוזאַמען מיט אַנדערע. אָבער עס איז אינטערעסאַנט צו פאַרצייכנען, אַז דער אָנגריף פונם „בונד" אויפן ציוניזם האָט זיך אָנגעהויבן בעיקר פון דער צייט, ווען אין ציוניזם האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט אַ סאָציאַליסטישער כוח, וועלכער האָט ווי דער „בונד" געקעמפט מיטן עקזיסטירנדן רעזשים. פאַקטיש האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף פונם „בונד" געגן ציוניזם נישט צוליב זיין אָפּגעפרעמדקייט צו דער רעוואָלוציע, נאָר דווקא ווען זיינע טיילן האָבן זיך אָנגע־הויבן צו באַטייליקן אינם קאַמף פון דער רוסישער רעוואָלוציע. דאַגעגן האָבן נישט ווייניק משפיע געווען די קישעניווער פאָג־ראָמען אויף דער פאַרשטאַרקונג פון דעם נאַציאָנאַלן געפיל פונם „בונד" און אויף זיין מוט, וועלכן ער האָט אַרויסגעוויזן בעת זיין

קאַמף אין דער רוסישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע פאַר זיין נאַציאָנאַלן פראָגראַם.

און ווידער זעען מיר ווי איין היסטאָרישע געשעעניש ווירקט אין פאַרשידענע ריכטונגען סיי אין „בונד" און סיי אין ציוניזם און דערנענטערט זיי אין אויפאַסונגען: אין ציוניזם — צו דער זייט פון סאָציאַליזם, אין „בונד" — צו דער זייט פון נאַציאָנאַליזם. אָבער דידאָזיקע דערנענטערונג האָט נישט דערנענטערט די הערצער, פאַרקערט — זי האָט זיי דערווייטערט.

---

אין דער נאַציאָנאַלער אויפאַסונג האָט דער „בונד" געמאַכט אַ גרויסן שריט פאָרויס. אין אָנהויב האָט ער זיך באַגנוגנט מיט דער פאָדערונג צו אַנולירן די בירגערלעכע באַגרענצונגען פאַר די יידן, אָבער שוין אויף דער דריטער קאָנפערענץ פון „בונד" אין — 1899, האָבן זיך געהערט שטימען צו פאָדערן נאַציאָנאַלע גלייכ־באַרעכטיגונג, און נישט נאָר בירגערלעכע רעכט. אויף דער פערטער קאָנפערענץ — אין 1901 — איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאָדערן נאַציאָ־נאַלע אויטאָנאָמיע פאַר יידן, אָבער דאָס איז געווען נאָר אַ פּרינצי־פּיעלע שטעלונג. אין המשך פונם באַשלוס ווערט געזאָגט, אַז דערווייל איז נאָך צו פרי, אין די עקזיסטירנדע באַדינגונגען, אויפ־צוהויבן די פאָדערונג וועגן נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע. די רוסישע סאָציאַלדעמאָקראַטיע האָט שווער אָנגעגריפן דעם „בונד" פאַר דעמדאָזיקן באַשלוס, זי האָט אין אים געזען אַן אָפענעם אויסדרוק פון נאַציאָנאַלן סעפּאַראַטיזם. ערשט אויף דער זעקסטער קאָנפערענץ פון „בונד", וועלכע איז פאָרגעקומען אין סאַמע ברען פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע איז ענדגילטיק דעפינירט געוואָרן דער באַשלוס וועגן נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע.

בנוגע דער שפּראַך און קולטור — האָבן די פּיאָנערן פונם סאָציאַליזם אויף דער יידישער גאַס אָנגעהויבן זיך צו באַנוצן מיט יידיש, נישט דערפאַר, וואָס זיי האָבן אָנערקענט איר נאַציאָנאַלע חשיבות, אָדער פון ליבע צו איר. זיי האָבן פאַראַכטעט און נעגירט

דידאָזיקע שפּראַך, פּונקט ווי די פריערדיקע משכּילים. זיי האָבן אין איר געזען נאָר אַ מיטל צו פאַרשפּרייטן דעם סאָציאַליזם צווישן די יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן נישט פאַרשטאַנען קיין אַנדערע שפּראַך, און זיי האָבן זיך באַמיט צו לערנען זייערע תּלמידים רוסיש, מיטן ציל צו אַסימילירן די יידן צווישן רוסן. אָבער „אבן מאסו הבונים היתה לראש פינה". באַנוצנדיק זיך מיט דער שפּראַך ווי מיט אַ מיטל, האָבן זיי זי אין צווישנצייט געפלעגט, אָפּגעהיט, גערייניקט און קולטוּווירט, זיי האָבן זיך אויסגעלערנט זי ליב צו האָבן און צו דערזען אין איר אַ נאַציאָנאַלן עיקר־ווערט. די פאַרדינסטן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער אַנט־וויקלונג פון דערדאָזיקער שפּראַך און איר ליטעראַטור זיינען זייער גרויס, כּמעט אַזוי ווי די פאַרדינסטן פון דער ארצישראלדיקער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער אויפלעבונג פון דער העברעישער שפּראַך.

אויך בנוגע דער עקזיסטענץ־פראַגע פון יידישן פאָלק — האָט דער „בונד" אַדורכגעמאַכט אַן אינטערעסאַנטע אַנטוויקלונג. ווי עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן האָט דער „בונד" אָנגעהויבן מיט דער קאָנצעפּציע פון יידישער אַסימילאַציע. בעת דעם גרויסן ויכּוח מיט די חברים פון „איסקרא" אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע האָט דער „בונד" דערקלערט, אַז ער איז „נייטראַל" אין דער עקזיסטענץ פראַגע פון יידישן פאָלק. זיי האָבן איבערגעגעבן די זאַך דעם „אָביעקטיוון גאַנג פון דער געשיכטע", וועלכע וועט באַשטימען דעם גורל פון יידישן פאָלק — צום לעבן אָדער צום אונטערגאַנג. עס קלינגט זייער מאָדנע אַזאַ שטעלונג פון אַ פּאַרטיי, וואָס איר מהות איז פּאָליטישער אַקטיוויזם און וועלכע האָט באַשטימט פאַר זיך אַ פּראָגראַם צו ענדערן דאָס אויסזען פון דער ווירקלעכקייט אויף פאַרשידענע שטחים. נאָכמער דערשטוינונג רופט אַרויס די שטעלונג, נאָך דעם ווי דער „בונד" האָט מיט זיינע הענט אויס־געשמידט אין דערזעלבער צייט יסוד־אַטריבוטן פאַר דער עקזיסטענץ פון פאָלק: נאַציאָנאַלע שפּראַך און קולטור. אין די שפּעטערדיקע

יאָרן האָבן זיי זיך באַמיט צו פאַרענטפערן דידאָזיקע פאַטאַליסטישע שטעלונג זייערע אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע. ליטוואַק, איינער פון די פירער פון „בונד“ האָט שטאַרק אַטאַקירט דידאָזיקע שטע־לונג. אָבער, אין אַלגעמיין, האָבן זיי זיך אָפּגעהאַלטן צו זיין אַקטיוו אויפן געביט צו פאַרשטאַרקן די נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ פון פאָלק. ערשט אין יובל־יאָר פון „בונד“, אויף דער ערשטער וועלט־קאָנפערענץ, האָט דער „בונד“ אָנגענומען אַ שטעלונג, וועלכע זיי האָבן דעפינירט אַלס „אחריות פאַר דער עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק“. אין די באַשלוסן ווערט געזאָגט צווישן אַנדערע: „אויף די פלייצעס פון אַלע איבערגעבליבענע יידישע ישובים פאַלט איצט די גרויסע אחריות פאַר איינהאַלטן די עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק. נאָר אַ געמיינזאַמער, ציל־באַוווסטער און אַנטשלאָסענער ווילן פון די יידישע מאַסן וועט זיין בכוח בייצוקומען די געפאַרן וואָס לויערן אויף זיי“. ווי מיר זעען האָט דער „בונד“ מיט דעם דאָזיקן באַשלוס אַדורכגעמאַכט אַ גרויסע אַנטוויקלונג.

---

און פונקט ווי עס איז פאָרגעקומען אַ ווענדונג אינם „בונד“ אין דער ריכטונג פון נאַציאָנאַליזם (כאָטש אין זיין גייסטיק־באַגרענצטער קאָנצעפּציע), אַזוי האָט זיך דער ציוניזם דערנענטערט צום סאָציאַ־ליזם. און אינטערעסאַנט איז, אַז כראָנאָלאָגיש זיינען דידאָזיקע אַנטוויקלונגען איןביידע באַוועגונגען פאָרגעקומען אין איין און דערזעלבער צייט. די דיסקוסיעס אין „בונד“ וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע, ביז זיי האָבן אָנגענומען דעם פּראָגראַם פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, זיינען פאָרגעקומען, פונקט אין דער צייט, ווען עס האָבן זיך אויסקריסטאַליזירט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע קערנדלעך, פירנדיק גרויסע דיסקוסיעס מיט די בירגערלעכע ציוניסטן.

דער ציוניזם אין זיין עלעמענטאַרער קאָנצעפּציע האָט געזען פאַר זיך דעם „כלל ישראל“, די יידישע צרות זיינען פון גאַנצן כלל; די האָנט וואָס דריקט און שטיקט מאַכט נישט קיין אונטערשיד

צווישן ייד און ייד, און דעריבער האָט די באַוועגונג געגומען אין באַטראַכט אַלע יידן און זיך געשטיצט אויפן גאַנצן פאָלק. פאַר דעמ־דאָזיקן ציוניזם איז פרעמד געווען די קאָנצעפּציע פון קלאַסן־דיפערענציאַציע אינם פאָלק, אָבער אַזויווי ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס איז אומעגלעך צו פאַרווירקלעכן דעם ציוניזם אָן דער פּראָדוקטיוויזאַציע פון די מאַסן, דאָס הייסט: אָן דער פאַרוואַנדלונג פון די מענטשן אין אַרבעטער, האָט ער ממילא געזען די גאַראַנטיע פאַר זיין פאַרווירקלעכונג אין דער עקזיסטענץ פון יידישן אַרבעטער. אמת, דערדאָזיקער ציוניזם האָט באַטראַכט דעם יידישן אַרבעטער, נישט ווי אַ טרעגער פון איינעם אַ באַזונדערן אידעאַל אין פאָלק, נאָר אַלס דעם טרעגער און פאַרווירקלעכער פון דעם פאָלקס ציון־אידעאַל. די אָנערקענונג פונם אַרבעטער אַלס אַ טרעגער פון זיינער אַ אייגענער מיסיע אין דער ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג איז געקומען ערשט שפּעטער — מיטן וווקס און מיט דער סטאַביליזירונג פונם יידישן אַרבעטער און מיט דער פאַרשטאַרקונג פון זיין קלאַס ווי אַ כוח, וועלכער פאַרווירקלעכט דעם ציוניזם. אויפוויפיל דער ציוניזם איז כסדר געוואָרן א מער ממשותדיקער ענין, איז קלאָרער געוואָרן די וויכטיקייט פונם אַרבעטער און ער גופא האָט אָנגעהויבן שטאַר־קער פּרעטענדירן צו לאָזן הערן זיין שטים און צו מאַכן זיין וועג פאַר דעם עיקרדיקן וועג אין ציוניזם. די אַרבעטער־באַוועגונג האָט אַדורכגעמאַכט עטלעכע שטופּעס אין ציוניזם: זי האָט אָנגעהויבן מיטן קאַמף פאַר אָנערקענונג, שפּעטער — פאַר השפעה, ביז זי איז אויך דערגאַנגען צו העגעמאָניע, מיטן באַוווּסטזיין, אַז נאָר די העגעמאָניע פונם אַרבעטער אין ציוניזם גאַראַנטירט די פאַרווירק־לעכונג פון ציוניזם.

---

דער ציוניזם האָט שטענדיק געהאַט צוויי פראָנטן — דעם גלות און ארץ־ישראל, אָבער די סאָציאַלע דיפערענציאַציע איז אין זיי נישט פאָרגעקומען אין אַ גלייכער מאָס. אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז זי געבליבן הינטערשטעליק לגבי דעמזעלבן

פראָצעס אין ארץ־ישראל. אין דער „חיבת־ציון״־תקופה איז כמעט נישט געווען קיין געזעלשאַפטלעכע דיפערענציאַציע אין דער באַוועגונג, כאָטש צו איר האָבן געהערט אויך סאָציאַליסטן, און נישט נאָר צווישן די ביל״ויצעס. דאָס עצם זיין אַ סאָציאַליסט האָט נישט געבראַכט צו אַ צוזאַמענשטויס מיט די איבריקע טיילן אין דער באַוועגונג. און עס איז נישט קיין וווּנדער, — צווישן „ליבהאָבער״ איז נישטאָ קיין דיפערענציאַציע. אין דער „חיבת־ציון״־באַוועגונג איז מען, יעדנפאַלס, נישט געגאַנגען ווייטער, פון געגנשטעלן זיך דער צו גרויסער השפעה פון די רבנים און אָרטאָדאָקסן אין איר. אַנדערש איז געווען דער מצב אין ארץ־ישראל, ווו די אידעאַלן האָבן אַדורכגעמאַכט זייער פאַרווירקלעכונגס־פּראָצעס און מען האָט זיך נישט געקענט באַגנוגענען מיט „ליבהאָבעריי״. דאָ האָט די געזעלשאַפטלעכע דיפערענציאַציע זיך אַנטוויקלט אין אַ שנעלן טעמפּאָ, אין 1887 ווערט שוין געגרינדעט אין ארץ־ישראל דער ערשטער אַרבעטער־פאַריין, עס אַנטשטייט די „הסתדרות העשיריות״ און עס ווערט אויך געמאַכט אַן ערנסטערער פּרוּוו — די גרינדונג פון דער אָרגאַניזאַציע „הארץ והעבודה״ אין יאָר 1891, וואָס איר אופן רעדן איז ענלעך צום סטיל פון דער אַרבעטער־באַוועגונג זינט דער צווייטער עליה. עס זענען אויסגעבראָכן די „בונטן״ פון יידישע קאָ־לאָניסטן אין אייניקע קאָלאָניעס אין די יאָרן 1887—1889.

אינם פּראָצעס פון ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג איז גע־וואַקסן די ראָל פונם אַרבעטער אין ישוב און אין ציוניזם. עס ווערט נישט זיין גלאַט קיין קלאַסן־באַרימונג אינם פעסטשטעלן די הנחה: אַז די גרויס פון דער ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג ווערט געמאָסטן מיטן וווּקס פונם אַרבעטער אין ארצישראלדיקן ישוב. און עס קלינגט טאַקי ווי אַ פּאַראַדאָקס: דער „בונד״, וועלכער האָט געזען פאַר זיך נאָר דעם יידישן אַרבעטער, האָט אפילו דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס נישט געקענט איינהאַלטן ביי זיך. אין יובל־יאָר פון „בונד״ קען מען אויסרעכנען א סך שבחים אויף זיין חשבון, אָבער אפילו זיינע באַגייסטערסטע אָנהענגער וועלן אים נישט אידענטיפיצירן מיטן

יידישן אַרבעטער־קלאַס. דאַגעגן האָט דער ציוניזם, וועלכער האָט נאָר געו־עדט וועגן אַ ציוניסטישן „כלל ישראל", דווקא ער האָט אויסגעבילדעט אַן אַרבעטער־קלאַס מיט אַ שטאַרק אויסקריסטאַ־ליזירטן קלאַסן־באַוווסטזיין און מיט אַ קלאָרער דערקענטניש פון זיין נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער מיסיע. די בונדיסטן האָבן נישט אויפגעהערט אָפּצושפּאָטן פון ציוניזם און צו סטעמפּלען אים ווי אַ רעאַקציאָנערע באַוועגונג, וועלכע רופט די יידן אויף צוריק — „אין אַ לאַנד פון פגרים". אָבער גראָד דער ציוניזם האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ באַוועגונג פונם מאָרגן און אויף זיין פאָן געפונען זיך די לאָזונגען פון דער באַנייטער מענטשהייט — פונם סאָציאַליזם.

די בונדיסטן האָבן נישט אויפגעהערט איבערצוחזרן, אַז זיי זיינען די ערשטע אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס. אויב עס רעדט זיך נאָר וועגן אָנגערופענע נעמען, איז געוויס דער נאָמען „בונד" אָנגערופן געוואָרן אַ פּאָר יאָר פאַרן נאָמען „פּועלי־ציון", אָבער עס זיינען געווען אַזעלכע, וועלכע זיינען געקומען נאָך פריער פאַרן „בונד". די ערשטע שפּראָצונגען פונם סאָציאַליזם אויף אונזער גאַס האָבן זיך באַוויזן אַ האַלבן יובל פאַר דער גרינדונג פון „בונד". דער סאָציאַליסטישער ציוניזם טראַכט גאָרנישט מוותר צו זיין אויף די 25 יאָר פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס ביז דער גרינדונג פון „בונד" און ער באַטראַכט זיך פאַר אַ באַרעכטיקטן יורש פון א. ש. ליבערמאַן, ווינטשעווסקי, זונדעלע־וויטש, אליעזר צוקערמאַן. דער סאָציאַליסטישער ציוניזם האָט זיך נישט אָפּגעשפּאָלטן פון „בונד", ער האָט אָנגעהויבן צו עקזיסטירן פּאַראַלעל מיטן „בונד", כמעט אין אָנהויב פון זיין עקזיסטענץ. די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע קערנדלעך האָבן פּאָטענציעל עקזיסטירט נאָך פאַר דער גרינדונג פון „בונד". די אָנשליסונג פון לעסינס קרייז אין מינסק צו פּועלי־ציון איז געוויס נישט געווען קיין איינצלנער פאַל.

און אויב דער „בונד" האָט נישט קיין רעכט אויף צו באַטראַכטן זיך אַלס ע ר ש ט ע ר, האָט ער געוויס נישט קיין רעכט

אויך זיין דער איינציקער, ווי ער האָט זיך אַליין געקרוינט: „דער איינציקער פאָרשטייער פון יידישן פּראָלעטאַריאַט”. נישטאָ קיין איין סאָציאַליסטיש־קעמפערישע, קאָנסטרוקטיווע, קולטורעלע טעטיקייט, פונם „בונד”, וועלכע עס זאָל נישט האָבן געפירט אויך די ציוניסטן־סאָציאַליסטן. אָבער אויסער דעם אַלעם. האָבן די ציוניסטן־סאָציאַליסטן געזען דעם שווערפונקט פאַר דער לעזונג פון יידישן פּראָבלעם — אין דער טעריטאָריאַלער קאָנצענטראַציע פונם פאָלק אין ארץ־ישראל.

דער סאָציאַליסטישער ציוניזם, וועלכער האָט אָנגעהויבן מיט יחידים, „איינצלנע אין קאַמף” — ער האָט די פּאַקטישע און מאָראַ־לישע רעכט צו רעדן און נאָמען פון יידישן אַרבעטער, ווייל זיין וועג איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן היסטאָרישן אמת.

